Dayksel, Sh.
(Shemu'el)
10 eyn-akters.
Nyu-York, 1925.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1875.7

**Dayksel, Sh. (Shemu'el), 1886-**
10 eyn-akters.
Nyu-York: Frayhayt, 1925.
255 p. ; 21 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. United States-New York-New York

ID: NXYH00-B5871 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106093

Reduction ratio X 10.0

10



# איין-אקטערס

ש. דרייקסעל

# 10
# איין-אַקטערס

## ש. דייקסעל

פערטער באַנד.

אויסגאַבע: „פרייהייט"
שער-בלאַט געצייכנט פון י. גאָטבאָרג
ניו-יאָרק, 1925.



# 10 =
# זיג-זאַגס
## ש. דייקסעל

אינהאַלט:







(אויפפירונג אין דער ערלויבעניש
פונ'ם שרייבער — פאַרבאָטן)


Published by
THE "FREHEIT"
New York 1925

פ ע ר ז אָ נ ע ן :

עזרא

בערטא

ארנאָלד

בעלא

מארטין

עווא

גראפער

ראָזא

## ערשטע בילד.

אַ שיין מעבלירטער צימער. צוויי טירן: איינע רעכטס, פון גאַס, די צווייטע, לינקס, פירט אין שלאָף־צימער. צוויי פענסטער אין דער מיטל־סטער וואַנט. רעכטס אַ קליין טישל, צוויי שטולן באַ די זייטן. צווישןביידע פענסטער אַ סאָפע, אָרם־שטולן אין די ווינקלען. רעכטס אַ לאָמפּ פונ'ם דיל און אַ שראַנק מיט ביכער. אפ'ן דיל אַ קולום, אַף די ווענט עטלאַכע גראַווירן.

פאַרנאַכט. די זון האַלט אין פאַרגיין. עזרא ליגט אַף דער סאָפע, פאַר־טיפט אין אַ בוך. רויכערט. אַ פּאַוזע. בערטאַ קומט אַריין פון גאַס מיט אַ קליינעם פעקל אין האַנט. בלייבט שטיין נעבן דער טיר. עזראַ דרייט אויס דעם קאָפּ, גיט אַף איר אַ קוק, פאַרטיפט זיך ווידער אין בוך. בערטאַ קוקט אַף אים אַ ווילע, זיפצט אָפּ, שאָקלט אומצופרידן מיט'ן קאָפּ. אַ קליינע פּאַוזע.

בערטא (מיט אַ געמאַכטן שפּאַס): עזרא, א מענטש איז געקומען.

עזראַ (דרייט אויס דעם קאָפּ): וואו?

בערטאַ (גייט צום טיש, לייגט אַוועק דאָס פעקעלע): צום באַדויערן איז אָבער דער מענטש אין דער זעלבער צייט אויך דיין פרוי און — נול ווניטאַניאַ!

עזראַ (אומצופרידן): אַ גאַנץ פלאַכע חכמה.

בערטאַ (טוט אויס דעם הוט): אָבער א גאַנץ טראַ־גישע.

עזראַ: דריי עמיצן אַנדערש א קאָפּ, ניט מיר! (פאַר־טיפט זיך אין לעזן.)

בערטא (קוקט אף אים א ווילע, גייט צו, רעדט מיט א געמאכטער צערטלאכקייט)): אָ, ווי מיר זיינען עס היינט פאר־טיפט אין לעזן! (זעצט זיך אף דער סאפע, נעמט אים לייכט ארום): ניטא קיין צייט אף מיר אפילו א קוק צו טאָן. כ׳וואָלט א בעלן געווען צו זען, וואָס פאר א בוך שלינגסטו עס אזוי זשערנע? (קוקט אריין אין בוך.) אָ, האָסט שוין געקראָגן מערלען מארק׳ס בוך „די נשמה פון א פרוי”? איצט פארשטיי איך שוין. (מישט איבער א בלעטל אין בוך, קוקט אריין).

עזרא (אומצופרידן): וויפיל אשטיינער וואָלסטו גע־וואלט, זאָלסט זיך אפטשעפן?

בערטא (מיט א געמאכטער פריילאכקייט): אָ, ווי בייז! (גלעט זיינע האָר). שוין עטלאכע מאָנאטן, אז מיר האָבן זיך אָנגעהויבן ארומצוקריגן. ווערסט דאָך ניט וועלן, עזרא, אז מיר זאָלן זיך אויך היינט קריגן?

עזרא (נעמט אומגעדולדיק אראָפ איר האַנט פון זיין קאָפ): נו, וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפעט? זעסט דאָך, איך לעז א בוך און אן אינטערעסאנטן דערצו. קענסטו ניט אויסווארטן אף שפעטער?

בערטא (לאכט נערוועז): א פרוי וויל דיך א לאסטשע טאָן, א גלעט טאָן און דו הייסט איר ווארטן אף שפעטער. וואָלסטו אזוי געהאנדלט ווען דאָס זאָל זיין אן אנדערע, א פרעמדע?

עזרא (זעצט זיך אויף): ס׳איז ניט אויסצוהאלטן! וואָס ווילסטו? כ׳זאָל פון הויז אנטלויפן?

בערטא (זיפצט): קענסט עס טאָן, אָבער מיט איין תנאי: ניט צוריקקומען מער.

עזרא (גיט אף איר א שנעלן קוק): וואָס מיינסטו?

בערטא: אָט, גאָרניט. כ׳האָב א שפאס געטאָן.

עזרא: שפאסט שוין אביסל צו אָפט די לעצטע צייט.

בערטא (לאכט): אָ, מיט וואָס פאר א דראָאונג עס קלינגט דיין שטימע.



עזרא (וויל זיך צוריקנעמען צום לעזן).

בערטא (לייגט ארויף איר האַנט אפ׳ן בוך): עס טוט מיר לייד, עזרא, ווערסט אָבער איצט שוין מער ניט לעזן. כ׳וויל וועגן עפעס איבעררייד מיט דיר.

עזרא (שפרינגט אויף א בייזער): ס׳איז איינפאך ניט צום אויסהאלטן מער! (גייט איבער׳ן צימער).

בערטא (לאכט געצוואונגען): א שאָד וואָס דו בייזערסט זיך, עזרא. איך פארזיכער דיך, אז מיין טעמע וועט איצט זיין זייער אן אינטערעסאנטע.

עזרא: און דו קענסט עס ניט אָפלייגן אף שפעטער?

בערטא (שאָקלט מיט׳ן קאָפ אף ניין): אפילו אף קיין איין מינוט ניט!

עזרא (ווארפט אף איר א זייטיקן בליק, גייט איבער דעם צימער, בלייבט שטיין בא׳ם ביכער־שראנק): נו, וואָס ווילסטו זאָגן? נאָר מאך עס קורץ?

בערטא (זיפצט): ווען כ׳קען דיך ניט אזוי גוט און ווייס ניט, אז דו ביסט א וואוילער בהור, ניט קיין נאר און אויך ניט קיין שלעכטער, וואָלט איך נאָך דיין היינטיקער האנד־לונג און נאָך די באציאונגען צו מיר פאר דער לעצטער צייט געקענט דענקען, אז דו ביסט א... גאנץ קליינלאך און ביליג מענטשל.

עזרא (פארנייגט זיך): איך דאנק דיר!

בערטא: ווארט צו ווערסט שפעטער דאנקען מיט אמאָל. ענטפער מיר, עזרא, אף צוויי פראגן: ערשטנס, צי ליידט ניט דיין איינגעבוירענע איידלקייט פון דיין גרינגשעצנדיקן, אָפט גראָבן טאָן אין באצוג ציר מיר און, צווייטנס, וואָס, ־ענקסטו, איז די אורזאך פון דעם?

עזרא: אבער וואס ווילסטו?

בערטא: דו ענטפערסט ניט.

עזרא (קוקט אף איר אַ ווײַלע, קערט אומצופרידן אָפּ דעם קאָפּ).

בערטא (ווישט אויס די טרערן): זאָג, איז עס ניט מאָדנע, וואָס דו ביסט אַזוי פאַרקאָכט אין דער העלדין פון'ם ראָמאַן, און אין דער זעלבער צייט, שטויסטו אַזוי גראָב אָפּ פון זיך די נשמה פון אַ צווייטער פרוי, וועמעס געדאַנקען און איבערלעבונגען, טרוימען און אנטוישונגען זײַנען פונקט אַזוי, כ'וועל שוין ניט זאָגן מער, אינטערעסאַנט ווי דער העלדינ'ס? פונקט ווי זי האָב איך מיט פיר יאָר צוריק געטרוימט וועגן מײַן צוקונפטיקן, אידעאַלן מאַן, קריטיקירט דאָס ליגנערישע געשלעכט לעבן פון דער ארומיקער געזעלשאַפט און געבויט פּלענער, ווי אַזוי מײַן אייגן לעבן אַוועקצושטעלן עפּעס אַף גאַר, גאָר אַ נײַעם אופן. (צונעמט די הענט.) און, ווי דו זעסט, איז עס אונז ביידן גלײַך ניט געלונגען. פאַרוואָס זשע יאָגסטו מיך פון זיך אין דער צייט, וואָס פון אירע איבערלעבונגען קענסטו זיך ניט אָפּרײַסן?

עזרא: צוליב וואָס פרעגסטו עס מיך איצט?

בערטא: פאַרדעק ניט איין פראַגע מיט אַ צווייטער.

עזרא: איז עס ניט עפּעס אַ נײַע וואַריאַציע אין מאַכן פאַמיליען־סצענעס?

בערטא: ניין. ס'איז די לעצטע אַגאָניע פון אַן אָפּשטאַרבנדיקן געפיל.

עזרא (גיט אַף איר אַן אויפמערקזאַמען קוק. זאָגט האַלב מיט שפּאָס): דו ווילסט מיך אָנשרעקן?

בערטא: ניין. טויטע שרעקן זיך ניט.

(מען קלאַפּט אין טיר).

עזרא: אַרײַן!

(בעלא קומט האַסטיק אַרײַן, ווישט די טרערן. גייט אָפּ אין אַ זײַט).

עזרא (גייט צו צו איר): וואָס איז געשען, בעלא?

בערטא: זיך שוין ווידער צעקריגט מיט אַרנאָלד'ן?



בעלא (דורך טרערן): ס'איז שוין גאָרניט צום איבערטראָגן! זאָג איך אַזוי — זאָגט ער אַנדערש. שריי איך טאָג — ענטפערט ער נאַכט. וואָס טוט מען? (ברעכט די הענט).

בערטא: צעגיי זיך מיט אים!

עזרא: טאַקע אין אַן אמת'ן. איינס פון ביידן: אָדער מען שווייגט אָפּ איינער דעם צווייטן, אָדער...

בעלא: גוט איז אייך ביידן צו ריידן: איר זײַנט פרײַע פויגלען, האָט קיין קינדער ניט. וואָס זאָל איך טאָן מיט מײַנע צוויי נפש'לאַך?

עזרא: ווען דעם האָט איר פריער באַדאַרפט אַ טראַכט טאָן.

בעלא (קוקט אַף אים איראָניש): אָך, וואָס פאַר אַ גוואַלדיקער העלד איר זײַנט עס, עזרא! האָט איר אַ סך געטראַכט, ווען זי (ווײַזט אָן אַף בערטא'ן) האָט באַדאַרפט דרײַ מאָל לויפן צום דאָקטאָר, זיך לייגן אונטערן מעסער און דערנאָך אָפּקרענקען צו עטלאַכע מאָנאַטן? העלדן!

בערטא (צו בעלא'ן): וואָס איז שוין דאָרטן בײַ אייך ווידער געשען?

בעלא: וואָס מיינסטו „ווידער". ס'האָט גאָר קיין מאָל ניט אויפגעהערט. אָט זײַנען מיר היינט, צום בײַשפּיל, אַוועק אין קראָם קויפן אַ קאָלדרע און אייניקע זאַכן פאַר די קינדער. דאַכט זיך גאָרניט, האַ? וויל איך אַזאַ קאָלדרע, וויל ער אַ צווייטע. קלויב איך אָפּ פאַר די קינדער זאַכן, געפעלן זיי אים ניט. און באַלד וואָס, צעשרײַט ער זיך. פאַרשטייסט דאָך, אַז איך שרעק זיך ניט איבער און ענטפער אים פונקט אין דעם זעלבן טאָן. ער האָט געמיינט אין קלייט וועל איך אים אָפּשווײַגן. האָב איך אים געגעבן וואָס ס'איז אים געקומען, אים איבערגעלאָזן שטיין אין מיט'ן קלייט און בין אַוועק. (גייט אויפגערעגט איבער'ן צימער).

בערטא (זיפצט): אונזערע געשעפטן, בעלא, זײַנען, ווי ס'ווײַזט אויס, גאַנץ שלעכט.

**בעלא:** פון מיין „שלעכט“ ביז דיינעם איז דערוויילן נאך א היבשער חילוק.

**בערטא** (גיט מיט צווייפל א שאקל מיט'ן קאפ).

**בעלא:** זאל דער גאנצער מאדערניזם גיין צום שווארצן יאר! איך בין איצט מקנא מיינע טאטע־מאמע, ווי זיי האבן אמאל איינגאנצן און ליבע, אבער ווי מענטשן אפגעלעבט זייערע יארן. (ווישט די טרערן. גייט צו דער טיר) כ'וועל גיין אהיים: די קינדער זיינען אליין. (גייט ארויס).

(א פאוזע).

**בערטא** (זיפצט): זעסט, עזרא, וואס פארא פנים אזא צוזאמענלעבן האט!

**עזרא** (פארויכערט): יא. ניט קיין איבריק שיינעם.

**בערטא:** און מיר זיינען שוין גאנץ נאענט פון דעם.

**עזרא** (גיט אף איר א שארפן קוק).

**בערטא:** זאג, עזרא, איז פאר דיר קלאר, אז דו ליבסט מיך ניט מער?

**עזרא:** נו... און אז יא איז וואס?

**בערטא:** גארניט. כ'וויל דיר בלויז זאגן, אז אונזערע געפילן האבן זיך אויסגעגלייכט.

**עזרא:** דו מיינסט עם ערנסט?

**בערטא:** אן שום צווייפל.

**עזרא:** צו וואס זשע האסטו מיך נאר וואס און פיל מאל פריער געהאלזט און געקושט?

**בערטא:** כ'האב געוואלט נאך עפעס ראטעווען. (זיפצט). אבער דו האסט ניט געלאזן. און אלץ איז... פארברענט געווארן.

**עזרא** (נערוועז): צו וואס זשע זיינען די אלע רייד?

**בערטא:** ווייל כ'וויל אויך איצט נאך עפעס ראטעווען.

**עזרא** (גיט זיך פאראוים): ראטעווען? וואס?

(מען קלאפט אין טיר.)



**עזרא** (אומצופרידן): ארייַן!

(גראפער קומט אריין, נאך אים גייט ארנאלד מיט א גרויסן פאק אונטער'ן ארים).

**גראפער:** נו, וואס מאכסטו, עזרא? ווי גייט עס, בערטא? (גייט אין צווייטן עק צימער. עזרא און בערטא בויגן לייכט אן די קעפ).

**ארנאלד** (בלייבט שטיין נעבן דער טיר. קוקט זיך ארום).

**גראפער** (אנווייזנדיק אף ארנאלד'ן): כ'האב אים נאר וואס געטראפן אין גאס. פון איין קוק אף זיין פנים האב איך דערזען, אז ער איז פארטיק א מענטשן צו טויטן אדער זיך אליין דאס לעבן צו נעמען. אבער דעם פאק האט ער אין קיין פאל פון דער האנט ניט געוואלט ארויסלאזן. פונקט ווי עס וואלט געווען די עמבלעם פון זיין לאגע.

**בערטא** (צו ארנאלד'ן): וואס זיינט איר שטיין געבליבן בא דער טיר? גייט אריין.

**עזרא:** לייג אוועק דעם פאק.

**ארנאלד** (מאכט א פאר טריט פאראוים): איז בעלא דא געווען?

**בערטא:** יא. זי איז אוועק אהיים.

**ארנאלד** (גייט פאוואליע איבער דעם צימער).

**גראפער:** לייג אוועק דעם פאק. וואס האסטו אים מורא פון די הענט ארויסצולאזן?

**עזרא** (צו ארנאלד'ן): זעץ זיך צו אביסל.

**ארנאלד** (צו בערטא'ן): האט זי אייך וועגן עפעס דערציילט?

**עזרא:** וואס איז דער אונטערשיד? איין קוק אף דיין פנים איז גענוג אלץ צו פארשטיין.

**ארנאלד** (זעצט זיך אף א שטול. לעגט אוועק דעם פאק נעבן זיך).

**גראפער:** גיב א סיגארעט, עזרא.

(עזרא גיט אים א סיגארעט. ביידע פאררויכערן).

ג ר א פ ע ר: אך, ווי גוט ס'איז צו זיין א בחור! יעדעס מאָל ווען כ'גיב א קוק ווי דו, עזרא, לעבסט זיך מיט בערטאַ'ן מער אָדער ווייניקער מענטשלאך, ווילט זיך מיר אויך חתונה האָבן. אויספּרובירן דאָס מזל. גיב איך אָבער א קוק אַף אים (ווייזט אָן אַף ארנאָלד'ן מיט בעלאַ'ן, אָדער אַף פילע אנדערע פאַרלאך און מיין באַשלוס צו בלייבן א בחור ווערט אייזן שטאַרק. צו וואָס? בעסער מיט'ן קאָפּ אראָפּ פונ'ם פינפטן שטאָק.

ע ז ר א: נו געגוג. פילאָזאָפיר ווייניקער.

ג ר א פ ע ר: אויב כ'וועל איצט ניט פילאָזאָפירן, וועל איך שפּעטער ליגן אין דער ערד.

ע ז ר א: קיינער שלעפּט דיך ניט פאַר די פאָלעס.

ג ר א פ ע ר: דו קענסט ניט וויסן. אפשר יאָ.

ב ע ר ט א (צו אַרנאָלד'ן): וואָס זיצט איר אזוי פאַר־דאגה'ט? און אז מען צעקריגט זיך איז וואָס?

א ר נ אָ ל ד (הויבט זיך אויף מיט אַ טיפן זיפץ. נעמט דעם פאַק): מילא. כ'וועל גיין אהיים. (גייט אַרויס).

ג ר א פ ע ר (צו בערטאַ'ן): כ'וועל מיטגיין מיט אים. אפשר וועט מיר געלינגען זיי איבערצובעטן. (צו ביידן) נו, זייט געזונט. איך בלייב שוין ווידער א בחור! (אָפּ).

(א פּאַוזע. בערטאַ און עזרא קוקן זיך איבער. ביידע גיבן א זיפץ).

ב ע ר ט א: זעסט, עזרא, דאָס לעבן האָט איצט אילוסט־רירט פאַר אונז אונזער צוקונפט. בעלא און ארנאָלד צאָלן איצט דעם פּרייז, ווייל זיי זיינען זיך ניט צעגאַנגען אין צייט. צעגיין זיך אין צייט און שטאַרבן אין צייט זיינען צוויי זייער נויטיקע זאכן. זיי האָבן זיך פאַרבונדן מיט צוויי קינדער און איצט פאַרפינסטערט איינער דעם צווייטן דאָס לעבן.

ע ז ר א (זיפצט, זאָגט פאַרטראַכט): און נאָך מער אומ־פאַרשטענדלאך איז עס, ווען מען נעמט אין אַנבאַטראַכט, אז ביידע זיינען זיי אינטעליגענטע מענטשן. און דאָך קענען זיי



זיך ניט אויפהויבן א ביסעלע העכער, זיך קאָנטראָלירן א ביסע־לע מער און אויסמיידן אָט די אַלע קליינינקייטן.

ב ע ר ט א ס'איז לייכט צו ריידן וועגן יענעם. (גיט אים א קוק אין די אויגן, זאָגט שנעל): קענען מיר עס? דער־מאָן זיך אָן דיין באַציאונג צו מיר מיט איין האַלבע שעה פריער.

ע ז ר א (וויל איר ענטפערן, האַלט זיך צוריק. קערט אָפּ דעם קאָפּ).

(א פּאַוזע).

ב ע ר ט א (ווייך): קום אהער, עזרא. זעץ זיך אָט דאָ, אַפ'ן ארם־שטול נעבן מיר און לאָמיר זיך דורכריידן.

ע ז ר א (קוקט אַף איר א ווײַלע. זיפצט): גוט. (גייט צו, זעצט זיך.)

ב ע ר ט א: ווייסט, עזרא, איך דענק, אז זייער א סך מיאוסע טאַטן און אומדערטרעגלאַכע לאַגעס וואָלטן אויסגעמידן געוואָרן, א סך פריינט וואָלטן ניט געוואָרן קיין שונאים, ווען מענטשן האָבן דעם ווילנס־קראַפט מענטשלאך זיך דורכצוריידן צווישן זיך.

ע ז ר א (שאָקלט מיט'ן קאָפּ אַף יאָ).

ב ע ר ט א: דאָס וויכטיקסטע איז צו זיין אָפנהערציק, ניט מורא האָבן צו קוקן דעם אמת גלייך אין די אויגן אריין. ביסטו וויליק אזוי זיך דורכצוריידן?

ע ז ר א (נעמט אָן איר האַנט): יאָ, בערטאַ, רייד.

ב ע ר ט א (גייט איבער מיט דער האַנט איבער זיינע האָר): אזוי איז גוט. ביסט ווידער מיין אמאָליקער איידעלער עזרא.

ע ז ר א (גלעט איר האַנט).

ב ע ר ט א (נאָך א פּאַוזע): כ'וויל דיר זאָגן, עזרא, אז איך האָב דיך שוין איצט ניט ליב אזוי ווי פריער און דו מיך נאָך ווייניקער. ווייסט דאָך, ווי עס גייט? צוערשט איז מען פאַרליבט, שפּעטער ליבט מען, נאָך שפּעטער ווערט מען גלייכ־

נילטיק און ס'קומט די פראַגע וועגן דולדן איינער דעם צווייטן. באַ אייניקע גייט עס צו גאַנץ גלאַט, אַפּט אַפּ'ן גאַנצן לעבן, און באַ אַנדערע... (צענעמט מיט די הענט) גייט עס נים. מיר זיינען, ווי ס'ווייזט אוים, פון די לעצטע. ס'איז אונז ביידן ענג געוואָרן. (קוקט אים אין פּנים.) נים אמת?

ע ז ר א (קווײנקלט זיך אַ ווײלע): יאָ. כמעט ווי אמת.

ב ע ר ט א: נים כמעט, נאָר זיכער.

ע ז ר א (מיט אַלייכטן שמייכל): נו, וואָס זשע פאַר אַ מיטל האָסטו דערצו?

ב ע ר ט א: דעם איינציקן און דעם זיכערסטן!

ע ז ר א (קוקט איר אין פּנים): צום ביישפּיל?

ב ע ר ט א: זיך צעגיין.

ע ז ר א (הויבט זיך האַסטיק אויף): דו שפּאַסט?

ב ע ר ט א (קוקט אים גלייך אין פּנים אריין, שאָקלט מיט'ן קאָפּ אַף ניין).

ע ז ר א (שפּאַנט איבער'ן צימער): עפּעס קלינגט עס אַזוי מאָדנע, אומגלויבלאַך.

ב ע ר ט א: און דאָך איז עס דער איינציקער מענטש־לאַכער וועג, און מיר וועלן מוזן ארויפטרעטן אַף אים.

ע ז ר א: עפּעס קוקט דיין באַשלוס באַ מיר אוים ווי גע־קינצלט.

ב ע ר ט א: האָסט אַ טעות, עזרא. ס'איז אפשר אַ ביסל ניי, נים געוויינלאַך, אָבער נים געקינצלט. אַזוי דאַרפן האַנדלען אַנטוויקלטע מענטשן, אמת'ע פריינט, ווען זיי דערפילן, אַז זייער ליבע איז אָפּגעשטאָרבן. צו דענקסטו, אַז ס'איז בעסער צו וואַרטן ביז מיר וועלן ווערן שונאים?

ע ז ר א: דאָס איז נאָך ערגער! (שפּאַנט אויפגערעגט איבער'ן צימער).

ב ע ר ט א (זאָגט לאַנגזאַם און פעסט): עזרא, מיר מוזן זיך צעגיין. און וואָס שנעלער — אַלץ בעסער.

ע ז ר א: מענלאַך ביסט גערעכט. (בלייבט מיט אַמאָל שטיין



פאַר איר): זאָג, בערטא, איז עס נים קיין שפּאַס? ליבסטו מיך אין אַן אמת'ן נים מער?

ב ע ר ט א (קוקט אים גלייך אין די אויגן): כ'ווייס, ס'וואָלט דיר זיכער מער הנאה געטאָן דו אַליין זאָלסט זיין דער גלייכגילטיקער און איך זאָל כאָטש בלייבן מיט אַ שטיקל צעבראָכענעם הארץ. נים אמת? איך קען דיך אַ ביסל באַ־רואיקן: אין מיר איז נאָך אין יעדן פאַל פאַרבליבן צו דיר מער ליבע און אכטונג ווי אין דיר צו מיר. אָבער קיין ווירקונג אַף אונזער באַשלוס קען עס נים האָבן.

ע ז ר א (שפּאַנט איבער'ן צימער. בלייבט מיט אַמאָל שטיין פאַר דער פרוי): גוט, בערטא, ביסט גערעכט! איך מוז עס צוגעבן, נים קוקנדיק וואָס עס טוט מיר איצט זייער וויי. איך שעם זיך צו דערמאָנען ווי געמיין כ'האָב גאַנץ אָפּט געהאַנדלט קעגן דיר.

ב ע ר ט א (גים אים די האַנט): גוט, אינגל מיינער! אויב אַזוי, זעץ זיך אָט דאָ נעבן מיר און הער מיך אוים. (ווישט אוים די טרערן).

ע ז ר א (זעצט זיך. זאָגט גערירט): דו ווײנסט?

ב ע ר ט א: ווייסט דאָך נים פאָדערן כ'זאָל איצט לאַכן? (זיפצט.) הער. דו ביסט דער ערשטער מאַן אין מיין לעבן. האָסט דער ערשטער פאַרווירקלאַכט מיינע טרוימען, מיך אַף אַ לאַנגער צייט פאַרפילט און איינגאַנצן באַפרידיקט. און כ'וואָלט געוואָלט, אַז אונזער שיידן זיך זאָל זיין פונקט אַזוי שיין און יום־טוב'דיק ווי אונזער צוזאַמענקומען איז געווען.

ע ז ר א (שאָקלט צו מיט'ן קאָפּ): גוט, טייערע. איך פאַר־שטיי דיך!

ב ע ר ט א: היינט איז דאָנערשטיק. אַף שבת אָוונט וועלן מיר צוזאַמענרופן אַלע אונזערע פריינט און פראַווען די זעלבע וועטשערינקע ווי ווען מיר האָבן חתונה געהאַט. זי איז אויך געווען שבת. (לאַכט דורך טרערן.) אפשר נים גוט?

עזרא (קוקט איר אין פנים, נעמט אירע ביידע הענט און דריקט זיי צו צו די ליפן).

בערטא (דורך טרערן): כ'וויל אונזער צוזאמענלעבן זאל פאר אונז ביידן בלייבן א טייערע, מעגלאך א הייליקע, עראינערונג! (באפרייט איין האנט פון זיינע הענט און ווישט די טרערן).

(פארהאנג)

# צווייטע בילד.

דער זעלבער צימער וואס אין ערשטן בילד. אין דער מיט א שיין גע־דעקטער טיש. אף אים געפינען זיך פלעשער ווײַן און בראנפן, שטייען טעלער מיט ניס, פרוכט און לעקאך. אין מיטן טיש א בוקעט בלומען. פאר'ן טיש שטייט אן אפענער קאסטן, אף א שטול נעבן — אן אפן רענצל. אפ'ן דיל ליגן אנגעווארפן מענערשע זאכן און אונטערוועש. די פיר עלעקטרישע לעמפלאך אין מיטן צימער זיינען איינגעוויקלט אין קאָ־לירטע פאפירן: רויט, בלוי און געל. עס ברענט בלויז דער לאמפ אין ווינקל.

ס'איז ארום 8 אזייגער אין אוונט. עזרא שפאנט אן אויפגערעגטער איבער'ן צימער. אלע מאל פאררויכערט ער א נייעם סיגארעט און ווארפט אים באלד אוועק א ניט דעררויכערטען. בערטא שטייט אף די קני פאר'ן קאסטן און לעגט אהין אריין זאכן פונ'ם דיל און פונ'ם רענצל. א פאוזע.

בערטא: געדענק, עזרא, האסט זיבן אויבערשטע העמ־דער און פינף פאר אונטערוועש.

עזרא: כ'וועל געדענקען.

בערטא: און ווען מען ניט אוועק וואשן, באמיט מען זיך צו פארשרייבן וואס מען גיט. זיי ברענגען אמאל צוריק פונקט האלב וויפיל זיי קריגן.

עזרא: גוט, כ'וועל פארשרייבן. (א פאוזע).

בערטא (לעגט צונויף די זאקן): די זאקן צייל איך ניט. כ'האב זיי נעכטן אלע אויספאריכט. און אויב עס מאכט זיך א קליין לעכל, וועט דיר גארניט שאטן, זאלסט נעמען א נאדל מיט א פאדעם און עס אליין פארציען. דאס ניי־געצייג געפינט זיך אין פודל מיט דיינע קאלנערס.

עזרא: גוט. כ'וועל פארנייען. (אַ קליינע פּאַוזע. ער בלייבט שטיין באם טיש, באטראכט אים, פירט איבער דעם בליק אַף בערטע'ן, קוקט נאָך אַמאָל אַפ'ן טיש, הויבט מיט די אַקסלען און שפּאַנט ווידער איבער'ן צימער. אַ קליינע פּאַוזע).

בערטא: דיין ווינטער־מאַנטל ליגט אַפ'ן סאַמע דעק פונ'ם קאַסטן. כ'האָב אים גוט איבערגעשיט מיט נאַפטאַלין. דער פליושענער קאַפּעליוש ליגט אויך דאָרטן.

עזרא: גוט. כ'דאַנק דיר. (אַ קליינע פּאַוזע. בלייבט שטיין נעבן דער פרוי.) זאָג מיר נאָר, בערטא, איז אַלץ וואָס קומט איצט דאָ פאַר טאַקע אַן אמת, צי עס חלום'ט זיך מיר?

בערטא (זעצט זיך אַוועק אַפ'ן דיל, אָנגעשפּאַרט אָן קאַסטן): ס'איז אַן אמת, עזרא, אַ טרויעריקער אמת.

עזרא (ווייזט אַפ'ן טיש): און דאָך שטייען אַפ'ן טיש בלומען, ווײַן און בראַנפן. מען ערוואַרטעט געסט אַ יום־טוב צו פראַווען? וואָס טוט זיך דאָ? (רייבט מיט ביידע הענט דעם שטערן.) און דו שטייסט אַף די קני און לעגסט אַזוי זאָרגפעלטיק צונויף מיינע שמאַטעס?! (הויבט מיט די אַקסלען).

בערטא (לאַכט ביטער): דאָס וויקלען מיר דעם טרויער פונ'ם אמת אין העלע פאַרבן. מענטשן טאָרן ניט ווערן קיין שונאים, בפרט נאָך געוועזענע געליבטע. און דאָך צוגייען זיך ניין פון יעדערע צען פאַרלאָך מיט הערצער פול מיט האַס, פאַר־שעלטנדיק דעם טאָג פון דער ערשטער באַגעגעניש. אַ, ווי שווידערלאָך דאָס איז! ווי טיף באַליידיקט עס דאַרפן זיך פילן די גליקלאַכע טעג און נעכט פון זייער ליבע. מענטשן פאַרגעסן אָבער דאָס גוטע, דאָס שיינע און גיבן זיך אַזוי לייכט איבער אין דער מאַכט פונ'ם בייזן און מיאוס'ן. (עזרא לאָזט זיך אַראָפּ אַף די קני, שפּאַרט זיך אָן אין קאַסטן, קוקט איר גלייך אין פּנים.) אָבער מיר, עזרא, וועלן עס ניט טאָן. מיר וועלן ניט פאַר־שעמען אונזערע גליקלאַכע טעג און צויבערנדיקע נעכט, ניט ערלויבן דער גלייכגילטיקייט צו פאַרציען אונזערע הערצער מיט איר טונקעלן שפּין־וועב. (גיט זיך עטוואָס אַ רוק נעענטער צו אים.)



קענסטו זיך, עזרא, פאָרשטעלן, אַז איך, דיין בערטא, זאָל ווערן דיינער אַ שונא? אַז איך זאָל אָפּקערן אין גאַס דעם קאָפּ, דערזעענדיק דיך פון ווייטנס? (לאַכט ביטער. ער לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ אַפ'ן זייטל פונ'ם קאַסטן.) און אַף מיר ציטערט די הויט באם געדאַנק, אַז דו קענסט פילן עטוואָס ענלאַכעס צו מיר.

עזרא (כאַפּט זי אָן פאַר די הענט): אָבער אַזעלכעס איז דאָך בא אונז סיי ווי אוממעגלאַך!

בערטא: איצט איז עס אוממעגלאַך. מיר האָבן פאַרכאַפּט אין צייט. מיר זיינען אָבער געגאַנגען צו דעם, פונקט ווי טויזנטער אַנדערע.

עזרא: פאַר וואָס איז עס אַזוי?

בערטא (ווישט די טרערן): ווער ווייסט. אפשר לעבן מיר איצט דורך אַזאַ צייט, אָדער אפשר טאָרן צוויי מענטשן ניט זיין צופיל צוזאַמען?

עזרא (זעצט זיך אַוועק לעבן איר, נעמט זי ארום): ווייסט, כ'פיל, אַז איך ליב דיך איצט פונקט ווי אין די נאָר ערשטע צייטן פון אונזער ליבע.

בערטא (שפּאַרט צו דעם קאָפּ צו זיין אַקסל): איך אויך.

עזרא (קוקט איר אין פּנים): וואָלטן מיר, אפשר, אָנ־געהויבן פון דאָס ניי? (ווייזט מיט'ן קאָפּ אַפ'ן טיש.) אַלץ איז פאַרטיק צום יום־טוב. די געסט וועלן באַלד קומען.

בערטא (קוקט אים אַ ווײַלע אין די אויגן אריין. זיפצט. שאָקלט מיט'ן קאָפּ אַף ניין): ניין, עזרא, ס'איז אוממעגלאַך.

עזרא: ביסטו זיכער אין דעם?

בערטא (שאָקלט מיט'ן קאָפּ אַף יא): זיכער! ווען מ'האָט אַ זאַך אין קעשענע, ווי קען מען זיך פאָרשטעלן, אַז מען האָט עס פאַרלוירן און זיך באַלד טאַקע אָנהויבן פרייען, אַז מען האָט עס געפונען. עס קען, אפשר, גילטן פאַר קליינע קינדער. מיר אָבער זיינען שוין אויסגעוואַקסן. מיר מוזן פאַרלירן און צאָלן די פרייז. און אויב . . . עס געלינגט אַמאָל וועמען צוריק צו געפינען דאָס פאַרלוירענע גליק — איז אודאי גוט. קען מען

זיך דאָן פרייען. אָבער עס טרעפט זעלטן: צופיל זוכער זיינען אין לעבן פאַראַן. מענטשן, אפילו די סקעפּטישסטע, ווערן קיינמאָל ניט מיד צו גלויבן און זוכן דאָס, וואָס עס וואָלט באַדאַרפט זיין און איז דערווייל נאָך וויט, ווייט ניטאָ.

עזרא (דריקט זי צו זיך): ווי קלוג, בערטאַ, דו ביסט און וואָס פאַר אַ שיינע נשמה דו האָסט!

בערטא (שמייכלט ביטער): כ'האָב עס געהערט פון דיר אין די ערשטע חדשים פון אונזער ליבע. שפּעטער האָסטו עס אויפגעהערט צו באַמערקן.

עזראַ: ווי שולדיק איך פיל זיך. כ'בין זיכער, ווען איך האָב מער פאַרשטאַנד, וואָלסטו מיך נאָך איצט אויך שטאַרק ליב געהאַט. ניט אמת?

בערטא: מעגלאַך.

עזראַ (קוקט איר אין די אויגן): זיי מיר מוחל!

בערטא (קוקט זיך איין אַ ווײַלע אין אים, פאַלט צו מיט אירע ליפּן צו זיינע. אַ פּאַוזע. מען קלינגט. ביידע הויבן זיך שנעל אויף).

עזראַ: צום טייוול זאָלן זיי דאַרטן אַלע גיין!

בערטא (נעמט זיך ווידער צום קאַסטן): עפן די טיר.

עזרא (עפנט די טיר. בעלאַ און אַרנאָלד קומען אַריין. זי טראָגט אַ קינד אַף די הענט. אַרנאָלד גיט עזרא'ן די האַנט, רעדן עפּעס שטיל צווישן זיך).

בעלאַ (גייט צו, קוקט אַריין אין קאַסטן): וואָס טוסטו?

בערטא: כ'לעג צונויף זיינע זאַכן.

בעלאַ (פאַרוואונדערט): און ער אַליין איז קליין עס צו טאָן?

בערטא: וואָס איז דער חלוק? כ'בין נעכטן ניט געגאַנגען אַרבעטן, האָב איך אַלץ אויסגעפּאַריכט און אויסגעפּרעסט.

בעלאַ (הויבט מיט די אַקסלען): דאַכט זיך, אַז דיין מאַדערניזם וועט דיך שוין דערפירן ביז משוגעת. איך אַף דיין



אָרט וואָלט אָנגעשמירט די טרעפּ מיט פּראָסטער זייף און אים אַרונטערגעלאָזט.

בערטאַ: אַזוי טוען דאָך אַלע לייטישע, געזעצלאַכע פרויען. וואָס זשע איז דער חילוק פון אונז ביז זיי?

בעלאַ (ווישט אויס די טרערן): גלויב מיר, דאָס לעבן ווערט צייטנווייס אַזוי מיאוס, כאָטש נעם אַ שטריק און הענג זיך אויף!

בערטאַ: און אים, אַרנאָלד'ן, מיינסטו איז לייכטער?

בעלאַ (זיפצט): אים איז אויך ניטאָ וואָס מקנא צו זיין.

בערטאַ: און וואָס דענקסטו איז די אורזאַכע?

בעלאַ: ווער ווייסט? האָבן מיר דאָך די ערשטע צוויי יאָר זייער גוט געלעבט. דער טייוול ווייסט וואָס מיט אונז ביידן איז געוואָרן. אפּנים, זיך אויפגעהערט ליב צו האָבן. און וואָס קען מען טאָן מיט צוויי קינדער אַף די הענט? צוגיין זיך? כ'האָב שוין געזען בא אַנדערע די גליקן. ער האָט געוויינלאַך חתונה און זי מאַטערט זיך מיט די קינדער. (בויגט זיך צו.) כ'וועל דיר זאָגן אַ סוד: כ'האָב מורא כ'האָב זיך שוין נאָך אַ מאָל פאַרפאַקט.

בערטאַ (לייגט אַריין די לעצטע זאַכן אין קאַסטן): איז נאָך ערגער.

בעלא: מילא, בא מיר איז שוין אַן אַלטע געשיכטע. אָבער וואָס איז בא דיר פּלוצלונג געשען? איר האָט דאָך געלעבט גוט, זיך גאַנץ ווייניק אַרומגעריסן? (ווישט די טרערן).

בערטאַ: בעלאַ, מיט היינטיקן יום־טוב ראַטעווע איך מיין ליבע פון האַס און אונטערגאַנג און מייד אויס אַזוי פיל פּיין און ערנידערונג אין דער צוקונפט. צו וואָס־זשע דאַרף מען וויינען? גיי, לעג אַוועק דאָס קינד אַף מיין בעט. (פאַרמאַכט דעם קאַסטן. זאָגט צו די מענער פרייליאַך.) נו, מאַנספּאַרשוינען, זייט אַזוי גוט און שלעפּט אַוועק דעם קאַסטן אָן אַ זייט.

אַרנאָלד: מיט פאַרגעניגן. (גייט צו, גיט איר די האַנט.) זיך אפילו נאָך ניט באַגריסט.

(בעלא גייט אין צווייטן צימער, די טענער שטעלן אוועק דעם קאסטן נעבן דער רעכטער וואַנט).

בערטא (צו עזרא׳ן): זיי אזוי גוט, פריינט, זע צו אפ׳ן טיש זיינען פאראן גענוג גלעזער.

עזרא (גיט איר א קוש אין קאפ): איך טו עס גלייך. (גייט צום טיש און ציילט די גלעזער).

ארנאלד (קוקט זיי ביידן פארוואונדערט אן).

בערטא (צו ארנאלד׳ן): נו, וואס מאכט איר?

ארנאלד: א דאנק. אלץ דאס זעלבע.

עזרא: אכט גרויסע גלעזער.

בערטא: נו און קליינע?

עזרא: אויך אכט.

בערטא (גייט צום טיש): זייער גוט.

ארנאלד (צו בערטא׳ן): קען איך אייך עפעס ארויס־העלפן?

בערטא: צושטעלט די שטולן. (באטראכט דעם טיש.) ראכט זיך, אלץ אין ארדנונג?

ארנאלד (רוקט צו די ארם־שטולן צום טיש, צושטעלט די ביינלקאך): האט איר איינגעלאדן א סך געסט?

בערטא: ניין. נאך פיר מענטשן . בלויז אינטימע פריינט. עס וועלן זיין בלויז יענע, וואס זיינען געווען אף דער וועטשערינקע (ווייזט מיט׳ן קאפ אף עזרא׳ן) ווען מיר זיינען זיך צוזאמענגעקומען.

ארנאלד: כ׳וועל אייך זאגן דעם אמת: כ׳בין אזוי צוטומלט, אז כ׳וויים אליין ניט וואס צו זאגן.

בערטא: בעלא, וואס ביסטו דארטן איינגעשלאפן?

ארנאלד: דאס קינד האט זיך, מן הסתם, אויפגעכאפט, שלעפערט זי אים איין.

(מען קלינגט. עזרא עפנט די טיר. גראפער ערשיינט).

גראפער (בלייבט שטיין בא דער שוועל): גוטער אוונט. (באטראכט דעם צימער).



בערטא: דאס זעלבע פון אייך צו הערן. וואס זיינט איר געבליבן שטיין?

ארנאלד: קריך אריין. מען וועט דיך ניט אפבייסן!

גראפער (אין א פארלעגנהייט): איך בין ניט געקומען אליין. כ׳האב היינט א גאנצן טאג פארבראכט מיט ראזע׳ן.

עזרא (צו בערטהא׳ן): האסטו איינגעלאדן ראזע׳ן?

בערטא: וואס פאר א פראגע?

גראפער: כ׳וויים. זי שטייט איצט אין דורכגאנג־צימער, ווישט די אויגן און האט מורא ארייצוגיין.

בערטא: אך, וואס פאר א נאריש מיידל זי איז! (גייט ארוים רעכטס.)

ארנאלד: סענטימענטאלע לאקשן!

גראפער (צו ארנאלד׳ן): ווען א פרעמדער הערט, וואלט ער געקענט מיינען, אז דו אליין ביסט גאט ווייסט וואס פאר א העלד. (צו עזרא׳ן) גיב א סיגארעט, בעל־שמחה, דער טייוול זאל דיך נעמען!

(אלע דריי פארדרויכערן. בערטא פירט אריין ראזען ארומגענומען).

בערטא: אך, וואס פאר א נאר, ראזעלע, דו ביסט! נו, גענוג! (צו די איבעריקע.) שטייט זיך אין א ווינקל און וויינט.

גראפער: כ׳האב זי קוים אהער דערשלעפט. אבער פונ׳ם ווינקל זי רירן איז שוין געווען אריבער מיינע כחות!

בעלא (קומט אריין. זאגט שפאטיש): מענערשע כחות!

בערטא: עזרא, מאך ליכטיק.

עזרא (גייט צו, גיט א דריק דאס עלעקטרישע קנעפל. די קאלירטע לעמפלאך צינדן זיך אן).

בערטא: נו, גענוג, ראזע. גיב א קוק ווי שיין אלץ זעט אוים!

ראזע (הויבט אויף דעם קאפ, גיט א קוק אפ׳ן טיש, דערנאך אף בערטא׳ן און צעוויינט זיך ווידער).

ב ע ל א: נאַט מיינער, זע נאָר ווי זי איז זיך עס צוקראַכן! (קערט זיך שנעל אַפּ אַן אַ זייט, ווישט אויס די טרערן).

ב ע ר ט א: גענוג, ראָזע, אויב דו ווילסט ניט איך זאָל זיך אויך צואוויינען. היינט איז בא אונז אַ יום־טוב און קיינע טרערן אָדער זיפצן זיינען דאָ ניט אין פּלאַץ!

א ר נ א ל ד: בעלא, לעג זי אַוועק נעבן קינד, וועלן זיי זיך ביידע אויסוויינען און איינשלאָפן.

ב ע ל א (אַנווייזנדיק סאַרקאַסטיש אַפּ'ן מאַן): אויך מיר אַ העלד!

ר אָ ז א (באַהערשט זיך): מער וויין איך ניט! (ווישט אויס די אויגן).

ב ע ר ט א: און ס'איז ניטאָ וואָס צו וויינען. ניי אין וואַש־צימער, וואַש אויס די אויגן און זיי היינט פּונקט אַזוי לוסטיק ווי שטענדיק.

ר אָ ז א (לאַכט פאַרשעמט): כ'פּיל שוין גוט. (גייט אַרויס לינקס).

נ ר א פּ ע ר (גייט איבער'ן צימער, זינגט).

Выпьем, кума, выпьем тут:
На том свите не дадут...
Чи дадут, чи ни дадут,
Выпьем, кума, выпьем тут...

(מען קלינגט. עזרא עפנט די טיר. מאַרטין ערשיינט, נאָך אים עווא).

א ר נ א ל ד (כאַפּט אונטער גראַפּער'ס לידל. ביידע זינגען עס איבער).

מ א ר ט י ן (מיט אַ געמאַכטער דרייסטקייט): אַ גוטער אָוונט, טייוואָלים! איר זינגט נאָר, האַ? עס גייט אייך, ווי ס'ווייזט אויס, גוט אַף דער וועלט? (גיט בערטא'ן די האַנט). ווי פּילט איר, טייערע בערטא? (גיט אַ מאַך מיט דער האַנט צום ווייב, וועלכע שטייט אַ פאַרלאָרענע און קוקט זיך אַרום.)



ב ע ר ט א: איך דאַנק אייך. זייער גוט.

ע ו ו א (קומט צו זיך. גייט צו צו בערטא'ן, צוקושט זיך מיט איר, רעדט מיט אַ געמאַכטער דרייסטקייט): וואָס מאַכסטו, טייערע? דיך שוין אַזוי לאַנג ניט געזען.

ב ע ר ט א: אַלץ, עווא, איז אין בעסטן אָרדנונג.

ע ו ו א (נעמט זי אַרום): אַלץ? (ביידע גייען אַפּ אַן אַ זייט).

ב ע ר ט א: אַלץ!

ע ו ו א (קוקט זי אָן אַ רגע): איז אמת, וואָס דו האָסט מיר געשריבן?

ב ע ר ט א: יאָ.

ע ו ו א: אַ וועטשערינקע באַם שיידן זיך?

ב ע ר ט א (שאָקלט מיט'ן קאָפּ אַף יאָ): כ'האָף, דו וועסט מיר ניט נאָכטאָן?

ע ו ו א: כ''דענק, אַז ניין. זעלבסטפאַרשטערלאַך, אַז ניט איך בין פאַרליבט אין מאַרטינ'ען און ניט ער אין מיר. ס'איז שוין אפילו אַריבער די צייט פון ליבע. מיר קומען אָבער גאַנץ גוט אויס און דולדן איינער דעם צווייטען אָפּט אפילו מיט פאַרגעניגן.

ב ע ר ט א: עס טוט מיר אמת הנאה פאַר דיר.

ע ו ו א: און איך ווייס אפילו ניט וואָס דיר צו ווינשן.

ב ע ר ט א (לאַכט): בעסער אַזוי.

(מאַרטין, גראַפּער און אַרנאָלד זינגען שטיל:)

Чи дадут, чи ни дадут,
Выпьем, кума, выпьем тут.

מ א ר ט י ן (לאַכט): טייערע ווערטער ווי גאָלד. און די מעלאָדיע איז אויסערגעוויינלאַך צוגעפּאַסט.

א ר נ א ל ד (צו גראַפּער'ן): אַנו זינג דאָס חסידישע, מיט די גוי'אישע ווערטער, וואָס האָסט בא מיר לעצטע וואָך געזונגען.

גראפער: וועלכעס מיינסטו?

מארטין (לאכט): מן הסתם וועגן חסיד, וועלכער דערזעט אפ'ן וועג, פארנדיק פונ'ם רבי'ן, ווי א שגץ קושט א שיקסע און מאכט מיט איר אפ זיך ווידער צו טרעפן אף „סערעדו“?

ארנאלד (לאכט): דאס מיין איך טאקע!

גראפער (זינגט צוערשט די מעלאדיע, דערנאך די ווערטער):

В среду — Настья,
В среду — любка,
В среду — ты моя
Сизая голубка.

(ווען ער ענדיקט, קלאפן אלע בראווא. ראזע קומט ארוים).

בערטא: איצט איז שוין די גאנצע משפחה אפ'ן פלאץ און מיר וועלן זיך זעצן צום טיש!

מארטין (פארנעמט א פלאץ, זינגענדיק דאס ווארט „צום טיש“ אפ'ן מאטיוו פונ'ם מארש פון „קארמען“. באטראכט דעם טיש): בערטא, מען מוז אייך געבן א מעדאל: קיינער סערווירט ניט אזעלכע שיינע טישן ווי איר!

בערטא (לאכט): צום באדויערן מוז איך זיך אפזאגן פונ'ם כבוד, ווייל ער קומט עווא'ן. דאס האט זי מיך אויסגעלערנט, ווי אזוי צו סערווירן אזוי א טיש.

עווא (לאכט. צום מאן): ארייננעפאלן, מארטין, הא? דעם צווייטן מאל זיי מער פארזיכטיק.

מארטין (לאכט): וועסט מיר אנטשולדיקן, עווא, כ'האב חלילה ניט געמיינט דיינע טאלאנטן צו פארקלענערן. דו ווייסט, אז איך שעץ זיי זייער.

בעלא: שוין אן אלטער כלל: פרעמדע ווייבער האבן אלע מעלות און וואס זיי טוען איז אויסערגעוויינלאך.

(אלע זעצן זיך אוים ארום טיש. בערטא און עזרא פון אויבן־אן).



גראפער: דאס בעסטע מיטל דערצו וואלט געווען פון צייט צו צייט זיך צו בייטן מיט די ווייבער. דאן וואלט יעדער אויסגעפונען זיין טעות און אהיימגעבראכט די אייגענע ווייב מיט מוזיק.

עווא: עס וואלט אונז אויך א היבש ביסל נוצן געבראכט.

בעלא: אן צווייפל.

גראפער (ליבלאך צו ראזען): און איר, ראזעלע, וואס דענקט וועגן דעם?

ראזא (שמייכלט): דרייט מיר ניט קיין קאפ!

גראפער: איר מעגט און איך ניט?

ראזא (קאקעטיש): איך דריי אייך א קאפ? עס הויבט זיך אפילו ניט אן!

גראפער: ניט איר דרייט, נאר איר פארדרייט.

מארטין (אנווייזנדיק אף גראפער'ן און ראזען): אוי, דאכט זיך, מען קען שוין זאגן א רבנן־קדיש נאך זיי ביידן!

בעלא: גלויב מיר, ראזא, ווען איך בין אף דיין פלאץ, וואלט איך קיין מאן אף א מייל צו זיך ניט צוגעלאזן.

בערטא: א, וואס פאר א שרעק דו יאגסט אן, בעלא!

ארנאלד (לאכט): עס רעדט זיך, אז זי האט פיינט מענער. איר מעגט זען, ווי אין איר צעברענען זיך די אייגלאך, ווען זי דערזעט א שיינעם מאן.

מארטין: יאקבי ניע כאטשע.

בעלא: ס'א ליגן!

בערטא: נו, פריינט, עסט!

עזרא: דאס ערשטע כאפט אריין צו גלעזלאך שנאפס. (גיסט אן די גלעזלאך).

ארנאלד: אביסל שנאפס איז דער שליסל צו דער טיפסטער פילאזאפיע.

גראפער: עס מאכט פון שווער לייכט.

מ א ר ט י ן: כ׳פארשטיי ניט, ווי האָט עס דער רבונו־של־עולם אָנגעהויבן צו באַשאַפן די וועלט אָן אַ גלעזל שנאַפּס?

ע ז ר א (הויבט זיך אויף מיט׳ן גלעזל אין האַנט. אַלע שטייען אויף): דאָס ערשטע טרינק איך פאַר מיין פרוי.

ב ע ר ט א (זאָגט ניט־הויך אונטער): געוועזענער.

(אַלע קוקן זיך שנעל איבער.)

ע ז ר א (גיט זיך איינגאַנצן אַ טרייסל): יאָ, פאַר מיין געוועזענער פרוי בערטאַ, וועלכע איז געווען און וועט אויך אויף שטענדיק פאַרבלייבן מיין בעסטער פריינט!

אַ ל ע (הויבן אויף די גלעזלאַך): הוראַ! (טרינקען אויס).

ג ר א פּ ע ר (באַגייסטערט): איר זיינט אַ מאָלאָדטשינאַ, בערטאַ: איר קענט קוקן דעם אמת גלייך אין די אויגן אריין!

ב ע ל אַ: אַז איר, מענער, קענט ניט, מוזן מיר עס דאָך טאָן.

א ר נ אָ ל ד (אָנווייזנדיק אַפ׳ן ווייב): „מיר האָבן געאַקערט", האָט די פליג געזאָגט.

ב ע ל אַ (צו אַרנאָלד׳ן): גלויב מיר, ווען ניט די קינדער לאָד איך שוין אַלעמען איין אַפ׳ן קומענדיקן שבת צו זיך אַף אַזאַ וועטשערינקע.

מ א ר ט י ן: עווא, ס׳איז דאָ אַ געפאַר צו זיין. קום, לאָמיר זיך וואָס שנעלער פון דאַנען ארויסרוקן.

ע ו ו אַ (שמייכלט): כ׳דענק מיר זיינען אויסער געפאַר: ביידע צו פויל.

מ א ר ט י ן (לאַכט): לעבן זאָל דיין קלוג קעפל!

אַ ר נ אָ ל ד (שטעלט זיך אויף): כ׳וויל זאָגן אַ פּאָר ווערטער, אָבער... איך דענק כ׳בין נאָך ניט פאַרטיק דערצו. מען מוז צוערשט אריינכאַפּן נאָך אַ פּאָר גלעזלאַך וועט די צונג זיך פרייער נעמען באַוועגן.

ב ע ר ט א (צו אַרנאָלד׳ן): זעצט זיך, טייערער. איר האָט נאָך גענוג צייט צו זאָגן וואָס איר ווילט. (ער זעצט זיך. זי זאָגט צו אַלעמען): זעט וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרן לעקאַך מיין



שוועסטער האָט מיר אָפּגעבאַקן. (אַלע נעמען שטיקלאַך לעקאַך. זי דערלאַנגט איין שטיקל עזרא׳ן.) נאַ, עזרא, און טראַכט ניט אַזוי פיל. אַלס בעל־הבית דאַרפסטו זען די געסט זאָלן זיך ניט לאַנגווייליקן.

ע ז ר א (נעמט דעם לעקאַך): ווי כ׳זע פילן זיי זיך גאַנץ היימיש אָן מיין פאַרנעמען זיי. (גיסט זיך אָן אַ גלעזל בראַנפן, טרינקט עס שנעל אויס. פאַרבייסט. זאָגט צו אַרנאָלד׳ן): אויסערגעוויינלאַך געשמאַקער שנאַפּס.

אַ ר נ אָ ל ד: כ׳ווייס. כ׳האָב זיך שוין אָנגעגאָסן דאָס זעקסטע גלעזל.

מ א ר ט י ן (לאַכט): זע, כאַפּ ניט איבער די מאָס, אַנדערש וועסטו איינגאַנצן מוזן אויפגעבן דיין רעדע.

ב ע ל אַ (צום מאַן): זע, כאַפּ זיך דאַרט ניט צו.

ג ר א פּ ע ר: ראָזעלע, איר זיצט מיר עפּעס היינט צו שטיל און אייער ביסל בראַנפן איז אויך ניט גערירט. לאָמיר אויסטרינקען פאַר אונזער ביידנס געזונט. (גיסט אָן זיין גלעזל).

ב ע ר ט אַ (צו ראָזען, פילבאַדייטנדיק): ראָזעלע, אַלע זאָרגן אַף מאָרגן! גראַפּער איז אַ טייערער בחור.

ג ר א פּ ע ר: איך דענק אויך וועגן אים אַ וועלט. (הויבט אויף דאָס גלעזל): ראָזעלע, איך טרינק פאַר אייער געזונט און טאַקע אויך אַ קאַפּעטשקע פאַר מיינעם.

ר אָ ז א (הויבט אויף דאָס גלעזל): פאַר אייער געזונט! (ביידע קלאַפּן אָן די גלעזלאַך, טרינקען אויס).

ב ע ל אַ: דאָס איז אונזער אומגליק, ראָזעלע. ווי קלוג און געניט מיר זאָלן ניט זיין, מוזן מיר פאָרט אָנקומען (ווייזט אַף די מענער) צו דעם פאַרשאָלטענעם פאָלק.

ר אָ ז א (לאַכט): איך דענק, ס׳איז אַ גאַנץ פיין פאָלק.

ב ע ר ט אַ: מאָלאָדיעץ, ראָזעלע!

ע ז ר א: ניט שרעקן זיך, מיינט שוין אַ האַלבער זיג.

אַ ר נ אָ ל ד (הויבט זיך אויף): איצט, פריינט, דענק איך, כ׳וועל שוין קענען זאָגן, וואָס כ׳וויל.

ג ר א פ ע ר: און אויב ניט?

ע ו ו א (לאכט): וועט ער זיך צוריקזעצן און צוטרינקען די עטלאכע גלעזלאך וואס פעלן אים.

מ א ר ט י ן: ריכטיק!

א ר נ א ל ד: כ'וועל שוין קענען. אבער אין גאטעס ווילן, מיינט ניט, כ'בין שיכור. כ'וויל ארויסזאגן דאס, וואס ליגט באהאלטן אין אונזערע אלעמענס נשמות, טוט יעדן וויי, און וואס יעדער איינער פון אונז וויל פארטומלען מיט ווערטער און געלעכטער. לאמיר, פונקט ווי בערטא, אף איין רגע א קוק טאן דעם אמת גלייך אין פנים אריין און זאגן איינער דעם צווייטן ווי טיף אומגליקלאך פילע פון אונז זיינען אין זייער פארהייראטן לעבן. ניין פון יעדע צען פארלאך מאטערן זיך און זעקס צעגייען זיך. כ'ווייס ניט. מעגלאך מיר זיינען קרבנות פון אומוויסנהייט. מעגלאך, מיר ליידן ווייל מיר ווייסן ניט ווי אזוי איינצוארדענען אונזערע לעבנס זיי זאלן זיך ניט שטעלן אנטקעגן די געזעצן פון אונזער פסיכיק. און מעגלאך מיר זיינען קרבנות פון אן איבערגאנגס-פעריאד, — יענע, אף וועמענס רוקנס און קעפ עס ברעכט זיך די צייט. מעגלאך מיר זיינען די ערשטע פויגלען, וועלכע קומען געוויינלאך אום, פון א נייער עפאכע, מיט נייע באגריפן וועגן ליבע, צוזאמענלעבן, און ערציאונג פון קינדער. איך ווייס ניט. אבער עס טוט וויי און ס'ווילט זיך, אויב ניט שרייען, איז פון צייט צו צייט א קרעכץ טאן. מיר האבן איצט פאר זיך אן אויסערגעוויינלאכע דערשיינונג: צוויי מענטשן האבן אפגעלעבט צוזאמען אלס מאן און פרוי פיר יאר, און צעגייען זיך איצט פרייוויליק. זיי ווילן פארלויפן דעם וועג דער גרויער ווירקלאכקייט, און צעגייען זיך ניט אלס שונאים, ווי געוויינלאך, נאר אלס האלב-פארליבטע. ניטא קיין „ער" אונטער זיינע פלייצעס און קיין „זי" אונטער אירע, וועלכע זאלן וועלן זייער פאמיליען-לעבן צעשטערן. ניטא. זיי צעגייען זיך דערפאר, ווייל זיי פילן אז זייער ליבע שטארבט אפ און לאנגוויל פארנעמט בישלאכוויין



איר פלאץ. זיי צעגייען זיך פריער, כדי צו ראטעווען זייער פריינטשאפט, הייליק האלטן דאס געוועזענע גליק. וואס קען זיין שענער? און נאך מער: צו דער נאכט פון זייער צעגיין זיך פראווען זיי דעם זעלבן יום-טוב, ווי מיט פיר יאר צוריק, ווען זיי זיינען זיך צוזאמענגעקומען. ניטא זיי וואס צו ווינשן. איך קען אבער ווינשן זיך און אייך אלעמען, אז אויב אזא גרויסע צאל פון אונזערע פארלאך מוזן זיך שוין יא צעגיין, זאל עס געטאן ווערן אין צייט און פונקט מיט אזא שיינקייט און העכסטע מענטשלאכקייט ווי בערטא מיט עזרא'ן טוען עס איצט. (זעצט זיך. א קליינע פאוזע. אלע שווייגן.)

ב ע ר ט א (ווישט שנעל אוים די טרערן. זאגט צו ארנאלד'ן): כ'האב גארניט געוואוסט, אז איר קענט אזוי שיין ריידן.

(ראזע און עווא ווישן אוים די טרערן).

ב ע ל א (מיט שטאלץ): ער איז אמאל געווען א גוטער רעדנער. אין דער באוועגונג אנטייל גענומען.

מ א ר ט י ן: און גלייך ווי ער האט חתונה געהאט זיינט איר געווארן די רעדנערין און ער דער צוהערער!

ב ע ל א: אבי בא אייך זיינט איר דער ווארטזאגער.

ע ז ר א: נאר זיך ניט געקיבעצט.

ג ר א פ ע ר (הויבט זיך אויף).

ב ע ר ט א (שמייכלט): קיינע רעדעס מער, גראפער. איין גוטע האבן מיר געהערט און גענוג.

ג ר א פ ע ר (לאכט): משוגע בין איך?! איך וויל פשוט זאגן אייך, בערטא, און דיר, עזרא, אז בא מיר איז איצט אלץ פונקט דער היפך ווי פריער. איר פארשטייט?

ע ז ר א: ניין. אפילו קיין ווארט ניט!

ב ע ל א (לאכט): מירקע, גיב לשון!

ב ע ר ט א: דער היפך פון וואס?

ג ר א פ ע ר: אט באלד. כ'וויל זאגן, אז פונקט אף וויפיל כ'האב פריער מורא געהאט חתונה צו האבן, אף אזויפיל האב איך אצינד קיין מורא ניט. אייער צעגיין זיך האט מיר

ווי אַנגעוויזן אַ וועג, אַז מען קען אי לעבן אי צעגיין זיך שיין, ווי מענטשן דאַרפן. און אויב... (קוקט צו ראָזען).

**ראָזא** (פאַרשעמט): גראַפּער, איר האָט איבערגעכאַפּט די מאָס און ווייסט ניט וואָס איר רעדט! (קערט אָפּ דעם קאָפּ).

(אַלע לאַכן, פּאַטשן בראַוואָ).

**מאַרטין**: היינט שרייט זי, ער ווייסט ניט וואָס ער רעדט און מאָרגן וועט זי פאָדערן ער זאָל ערפילן זיין צוזאָג.

**ראָזא** (לאַכט. צו מאַרטינ'ען): איר מיינט טאַקע אין אָן אמת'ן, מען לויפט אייך נאָך!

**עווא** (צו גראַפּער'ן): זעצט זיך. איר וועט זיך שוין דורכריידן מיט איר גייענדיק אַהיים.

**גראַפּער** (זעצט זיך. לאַכט).

**עזרא**: איצט וואָלט איך פאַרגלעגט אָפּצורוקן דעם טיש אָן אַ זייט, זיך אויסזעצן אַפ'ן דיל און אַ זינג טאָן אַלע אונזערע אַלטע און נייע לידלאַך.

**בערטא**: אַ גוטער געדאַנק!

**אַלע**: אויסגעצייכנט! געוויס רעדעס! זינגען! זינגען! אַפ'ן דיל! (אַלע הויבן זיך אויף פון די פּלעצער).

**עזרא** (הויבט אויף די האַנט): איך וואָלט אָבער גע־וואָלט עפּעס זאָגן איידער מיר נייען אַוועק פונ'ם טיש.

(אַלע בלייבן שטיל).

**בערטא** (נעמט אָרום עזרא'ן. זאָגט ווייך): צו וואָס ריידן, עזרא? זיי פאַרשטייען דיך אַלע און איך פיל ווי עס טוט דיר איצט וויי. מען דאַרף ניט. לאָמיר פאַרברענגען היינ־טיקע נאַכט אין פרייד און געזאַנג! (ער נעמט זי אָרום, קוקט איר אין די אויגן, גיט איר אַ קוש אין די ליפּן.)

**אַלע**: בראַוואָ! הורא פאַר בערטא'ן! פאַר עזרא'ן! חורא! זינגען! זינגען! אַלע אַפ'ן דיל! רוקט אָפּ דעם טיש! פאַרזיכטיק! פאַרזיכטיק!

**גראַפּער** (זינגט און טאַנצט אונטער. מאַרטין העלפט אים אָרוים און קלאַפּט מיט די הענט.)



שטאַרקער, העכער, די ראָד, די ראָד מאַכט גרעסער,  
גרוים האָט מיך גאָט געמאַכט,  
מזל האָט ער מיר געבראַכט —  
הוליעט, קינדער, אַ גאַנצע נאַכט,  
די מיזינקע אויסגעגעבן (2 מאָל).

(בעלאַ און ראָזע כאַפּן אונטער, זינגען דעם צווייטן און דריטן פערז צוזאַמען).

**גראַפּער און מאַרטין** (זינגען).

אייזיק מזיק, די באָבע גייט אַ קאָזאַק.

**עזרא** (נעמט פון דער סאָפע און וואַרפט אַפ'ן דיל עטלאַכע קישעלאַך): נאַט אייך קישעלאַך. זעצט זיך אוים!

**עווא** (צו עזרא'ן): און איר מיט בערטא'ן אין מיטן.

**ראָזא**: זיי וועלן זיין אין מיטן, אפילו ווען זיי זאָלן זיצן אין אַ ווינקל.

(אַלע זעצן זיך אוים אין אַ האַלבער ראָד.)

**גראַפּער און מאַרטין** (זינגען):

איציק, שפּיציק, וואָס שווייגסטו מיט דיין שמיטשיק?

(אַלע העלפן זיי אָרוים).

(בערטאַ שטעלט אַוועק אַפ'ן דיל אַ קוישל מיט פּרוכט).

**עווא**: געוויס מיט דעם לידל: ס'איז שוין אַלט ווי מיין באָבע.

**אַרנאָלד** (צו גראַפּער'ן): שוין גאָר קיין אַנדערס ניט געקענט אויסזוכן?

**גראַפּער**: וואָס גייט עס אייך אָן? איך פיל עס אַצינד צו זינגען.

**עזרא**: גראַפּער, זינג אַליין עפּעס אַ גוט לידל.

**בערטא** (צו גראַפּער'ן): נו, שעמט זיך ניט. הויבט אָן! איר קענט דאָך אַ וועלט מיט לידלאַך.

**גראַפּער**: ניין, מיינע טייערע. צוערשט דאַרף מען

זיך דערוואַרעמען מיט אַ פּאָר לידער, געזונגען פון אַלעמען. דערנאָך קען מען שוין אויך אַליין אַרויסטרעטן.

בעלאַ (זינגט):

אַף'ן גרויסן בריק דעם הויכן
שטייען טויבן פּאָרן (2 מאָל),
נאָך קיין נחת ניט געהאַט,
שוין אַוועק די יאָרן (2 מאָל).

(אַלע כאַפּן שטיל אונטער, ענדיקן צוזאַמען די ליד).

עזרא (זיפצט): ריכטיק. (צו גראַפּער'ן) נו?

גראַפּער: באַלד. מיר האָבן נאָך קיין אמת'ע כאָר־ליד ניט געהאַט.

אַרנאָלד: דריי ניט קיין קאָפּ. זינג!

ראָזאַ: זע ווי מען דאַרף אים בעטן!

מאַרטין: שיס, ברודער!

גראַפּער (צו עזרא'ן): אַנו, גיס נאָר אָן צו גלעזער וויין, וועלן מיר זיך דורכשווענקען די העלזער.

אַלע: גוט!; פיין! ניט שלעכט! גיס אָן!

(אַלע נעמען פונ'ם טיש די גלעזער. עזרא און בערטאַ גיסן זיי אָן פון צוויי פלעשער).

גראַפּער (הויבט אויף די גלאָז): איצט, ברידער מע־נער, העלפט מיר אַרויס. דו אויך, עזרא! (זינגט. די מענער כאַפּן גלייך אונטער):

**Выпьем за Берту, Берту дорогую,**
**Как не будет Берты, — выпьем за другую!**
**Тра-ла-ла.**

(ווען זיי ענדיקן, שרייט ער: „נאָך אַמאָל!" זיי זינגען איבער דעם רעפרען).

בעלאַ (צו די פרויען): ווי געפעלט אייך אַזאַ חוצפה?



שוועסטער, פרויען, נאָך מיר! (אַלע הויבן אויף די גלעזער. זי זינגט, אַלע כאַפּן באַלד אונטער):

**Выпьем за Эзру, Эзру дорогого,**
**Как не будет Эзры, — выпьем за другого!**
**Тра-ла-ла.**

(ווען זיי ענדיקן, שרייט זי: „נאָך אַמאָל!" זיי זינגען איבער דעם רעפרען).

גראַפּער (שרייט צו די מענער): פאַרשוועכט ניט אונ־זער עהרע! נאָך אַמאָל!

בעלאַ (צו די פרויען): שרעקט זיך ניט אָפּ, שוועסטער!

(אַלע זינגען איבער די מעלאָדיע מיט די ווערטער. די מענער פאַר בערטאַ'ן און די פרויען פאַר עזרא'ן. ענדיקן מיט אַ געלעכטער און פּאַטשן בראַוואָ. טרינקען אויס דעם וויין).

בערטאַ: איצט, גראַפּער, זינגט עפּעס אַליין.

ראָזאַ: נאָר זיך ניט געלאָזט בעטן.

אַרנאָלד: וואָס פאַר אַ בעטן? אין קאַרק אַריין!

בעלאַ (צו גראַפּער'ן): טראַכט ניט אַזוי פיל.

עווא: ער שאַפט, מעגלאַך, אַן אייגענע קאָמפּאָזיציע.

מאַרטין (ווייזט אַף ראָזע'ן): זיי וועלן שוין שאַפן צוזאַמען.

גראַפּער (זינגט):

אַרום אין דער פינסטער גערעדט האָט דער וואַלד
און מיר האָבן ביידע געשוויגן.
דיין קאָפּ, פון דער זילבער לבנה באַשטראַלט,
אַ הייליקן שיין האָט געקריגן.

און איך האָב אַליין זיך פאַרבייטן געפילט,
מיין האַרץ איז פון ליבע פאַרגאַנגען.
דאָך ז'איז ניט געווען צופלאַמט מער און ווילד;
אַוועק זיינען די הייסע פאַרלאַנגען.

האָסט קינדיש געטוליעט זיך נאָענט צו מיין ברוסט,
געקושט מיר די אויגן און שטערן,
און פּלוצלונג עס האָט זיך מיר ווייגען פאַרגלוסט:
באַ דיר אויך געשטראַלט האָבן טרערן.

און אונטן אַ טייכל געפּלוידערט האָט שטיל,
מיר האָבן עס דאָן ניט פאַרשטאַנען.
עס האָט אונז דערציילט אַף זיין לשון, וויפיל
געפילן די שענסטע פאַרוויאַנען.

(אַ קליינע פּאַוזע. אַלע זיצן פאַרטראַכט.)

בערטאַ (ווישט אויס די אויגן): בראַוואָ, נראַפּער, אַ טייער, הארציק לידל. וועמעס איז עס?

גראַפּער: יהואש'ס „באַם טייכל“.

אַלע: אַ פּראַכטפול לידל! בראַוואָ! אויסגעצייכנט! נאָך עפּעס, גראַפּער! גיב נאָך!

גראַפּער: וואַרט, לאָזט זיך מיר אָפּרוען אַ מינוט.

בעלאַ (צום מאַן): ווי שפּעט איז?

אַרנאָלד (קוקט אַפ'ן זייגער): באַלד דריי.

בעלאַ (גיט זיך אַ כאַפּ): דאָס הייסט זיך פאַרזעסן! קום, מיר'ן גיין.

אַרנאָלד: איך בין פאַרטיק.

בערטאַ: וואָס איילסטו זיך אַזוי, בעלאַ?

בעלאַ: כ'בין אומרואיק פאַר'ן קינד. און ס'איז שוין טאַקע שפּעט אויך. (הויבט זיך אויף, גייט אין צווייטן צימער.)

מאַרטין (צו עוואַ'ן): שוין פאַר אונז אויך צייט.

עוואַ: כ'דענק אַזוי.

עזראַ: וואָס איילט איר זיך אַזוי?

אַרנאָלד (שטייט אויף): זיך אויסרוען, ברודער, איז אַ נויטווענדיקייט, בפרט נאָך אַז מען איז פאַרהייראַט. דערצו איז דאָס קינד אַליין אין הויז. (גייט אין שלאָף־צימער).



מאַרטין (זינגט):

און אונטן אַ טייכל געפּלוידערט האָט שטיל
מיר האָבן עס דאָן ניט פאַרשטאַנען.

אַרנאָלד (כאַפּט אונטער פון צווייטן צימער):

עס האָט אונז דערציילט אַף זיין לשון וויפיל
געפילן די שענסטע פאַרוויאַנען.

בעלאַ (פונ'ם צווייטן צימער): לאָז צורו די געפילן און זע בעסער ווי דו האַלטסט דאָס קינד.

אַרנאָלד (חזר'ט איבער):

געפילן די שענסטע פאַרוויאַנען.

עוואַ (צום מאַן, אָנווייזנדיק אין ריכטונג צו אַרנאָלד'ן): ס'האָט אים אַ ריר געטאָן!

מאַרטין: וואָס פאַר אַ פראַגע!

גראַפּער (צו ראָזע'ן): און אַז אַלע פאַר־פאַלקן יאָגן זיך אהיים, וועלן מיר אויך גיין.

ראָזאַ (שטיפט): כאַפּ ניט, בחור!

גראַפּער (נעמט זי לייכט ארום): וואָס פאַר אַ טייערן, לאַנגן וועג מיר דאַרפן נאָך דורכגיין.

ראָזאַ (מיט אַ געמאַכטער אומשולד): אויב ס'איז צו ווייט פאַר אייך, וועל איך אַליין אהיים גיין.

גראַפּער (לאַכט): עס רעדט זיך אַזוי. אפשר שפּע־טער. דערווייל זיינען נאָך אָבער פאַר מיר אַלע ווייטקייטן צו נאָנט.

(אַלע הויבן זיך אויף. ריידן צווישן זיך).

עזראַ (רופט אָפּ מאַרטינען אָן אַ זייט, פרעגט שטיל): וועל איך היינט קענען באַ דיר איבערנעכטיקן?

מאַרטין (פאַרוואונדערט): דו גייסט שוין טאַקע?

עזראַ (זיפצט): און דו האָסט געמיינט, מען שפּאַסט?

מאַרטין: ניין, אָבער... (כאַפּט זיך.) זיכער קענסטו איבערנעכטיקן. וואָס פאַר אַ פראַגע? עס שטייט באַ אונז אַ לעדיקער צימער.

עזרא: פרעג אפשר בא עווא'ן?

מארטין: וואָס פאַר אַ נאַרישקייטן! קענסט אפילו זיין בא אונז וויפיל דו וועסט נאָר וועלן.

עזרא: איך דאַנק דיר.

(זיי צוגייען זיך. עזרא גייט צו צו בערטאַ'ן. מאַרטין — צו עווא'ן. דערציילט איר עפּעס. יענע שאָקלט צו מיט'ן קאָפּ).

בערטאַ: גראפּער, פאַר'ן אוועקגיין ניט עפּעס אַ לעבעדיקס!

גראַפּער: מיט פאַרגעניגן. אָבער די גלעזער מוזן ווערן פול.

(אַלע מוען זיך אָן. עזרא פילט אָן די גלעזער. פון צווייטן צימער קומט אַריין בעלאַ, נאָך איר אַרנאָלד מיט'ן קינד אַף די הענט).

גראַפּער: די לעצטע גלעזער! (אַלע נעמען די גלעזער אין די הענט).

עזרא (הויבט אויף זיין גלאָז): איך טרינק דעם לעצטן כוס, פּונקט ווי דעם ערשטן, פאַר בערטאַ'ן!

בערטאַ (הויבט אויף איר גלאָז): און איך פאַר עזרא'ן!

אַלע (הויבן אויף די גלעזער): הורא פאַר בערטע'ן! פאַר עזרא'ן! הורא!

אַרנאָלד (הויבט זיין גלאָז): איך טרינק פאַר'ן נייעם וועג!

אַלע: הורא! פאַר'ן נייעם וועג! פאַר אַלע נייע וועגן!

עווא: אפילו פאַר יענע וועגן, אַף וועלכע מען ברעכט נאָך היינט דעם האַלז און נאַקן!

(אַלע טרינקען אויס די גלעזער, שטעלן זיי אַוועק אַפ'ן טיש).

גראַפּער (זינגט פריילאַך און טאַנצט צו):

Эх, ты яблочко,
Куда ты катишься?
Эх, ты мамочка,
Да замуж хочется!



(אַלע כאַפּן אונטער, הוז'ן איבער דעם פערז, צופּאַטשנדיק מיט די הענט. העלפן ארוים ביז די ליד ענדיקט זיך).

Эх, ты яблочко,
Да покатилося,
Эх, ты девица,
Да заручилася...

Коль на заседание
С обеда вы уйдете,
Оставьте завещание,
Что больше не придете!

Я на бочке сижу,
Да слезы капают:
Никто замуж не берет —
Только лапают!

Эх, ты яблочко,
Куда катишься?
Попадешься немцу в зубы,
Не воротишься.

אַלע: הורא! (קלאַפּן בראַוואָ).

עזרא (גייט אַרַיין אין צווייטן צימער, קומט אַרויס מיט'ן מאַנטל און הוט אין די הענט).

בעלאַ (צוקושט זיך מיט בערטאַ'ן): אַ גוטע נאַכט, טייערע, און האָב אַלץ אין דער ערד.

בערטאַ (שמייכלט, גיט אַ זאָרגלאָזן מאַך מיט דער האַנט): ווער האָט עס אַזוי פיל כח?

עווא (צוקושט זיך מיט בערטאַ'ן): אַ גוטע נאַכט. איך וועל מאָרגן זיין בא דיר.

בערטאַ: רוף מיך פריער אָפּ אַפ'ן טעלעפאָן. אפשר וועל איך אין הויז ניט זיין?

ר אָ ז א (נעמט ארום בערטאַ'ן, צואווײנט זיך).

ב ע ר ט אַ: נאָר ניט געוויינט, ראָזעלע. דו זע בעסער, לאָז ניט ארויס גראַפער'ן פון די הענט: ער איז אַ וואוילער בחור.

ג ר אַ פ ע ר (זיפצט קאָמיש. ציט אוים די ווערטער): זי וועט מיך שוין ניט ארויסלאָזן. פארלאָזט זיך אף איר.

ב ע ר ט אַ (צו ראָזען): הערסט, וואָס דער חוצפה'ניק זאָגט? אויב אַזוי, בינד אים טאַקע הענט און פים. זאָל ער וויסן!

ר אָ ז א (צוקושט זיך מיט בערטהא'ן): אַ גוטע נאַכט. כ'וועל מאָרגן אין דער פרי זיין דאָ. (גייט אָן אַ זייט).

אַ ר נ אָ ל ד (צו בערטהא'ן): מיר, מענער, וועלן עס שוין מאַכן שנעלער. מיר וועלן זיך געזעגענען מיט אייך כאָראָם. (צו די מענער.) אַנו, אַלע צוזאַמען!

ד י מ ע נ ע ר (צוזאַמען): אַ גוטע נאַכט! פילט גוט! אַ גוטע נאַכט!

ב ע ר ט אַ: אַ גוטע נאַכט! גייט געזונט!

ג ר אַ פ ע ר (פאַרנויגט זיך קאָמיש): טייערסטע בערטאַ, אַ גוטע נאַכט! איך פאַרבלייב אייער אייביקער שקלאַף ביז'ן ליכטיקן קבר!

ב ע ר ט אַ (פאַרנייגט זיך, לאַכט): אַ גליקלאַכן שליט־וועגס! פאָרזיכטיק ווי איר טרייבט אָן: ראָזעלע זאָל ניט ארויספאַלן!

ג ר אַ פ ע ר (פאַרנויגט זיך): איך דאַנק אייך פאַר דער וואָרנונג, אָבער פאַרלאָזט זיך אַף מיר. (נעמט ארום ראָזע'ן, ביידע גייען צו דער טיר. ער זינגט):

(זיין געזאַנג הערט זיך פון וויטנס, ביז עזרא גייט שפּעטער ארוים).

(אַלע גייען פאַוואָלי אַרוים. בערטאַ און עזרא בלייבן אַליין. אַ פּאַוזע).

ע ז ר א (גייט צו, נעמט זי ארום): אַ גוטע נאַכט, בער־



טאַ, און זיי מיר מוחל פאַר אַלע קלייניגקעט, ניט שיינע טאָטן, וואָס כ'בין ווען ס'איז געגן דיר באַגאַנגען!

ב ע ר ט אַ: בלייב געזונט, טייערער עזרא, און זיי אויך מיר מוחל.

ע ז ר א: ס'איז מיר איצט אַזוי שווער! מיר דאַכט זיך איך גיי נאָך מיין אייגענער לויה.

ב ע ר ט אַ: מיר אויך.

ע ז ר א: אַ גוטע נאַכט! (דריקט זי צו זיך. גיט איר אַ לאַנגן קוש. רייסט זיך אָפּ פון איר. ווישט אוים די טרערן און גייט שנעל ארוים).

ב ע ר ט אַ (קוקט אים נאָך. אַ פּאַוזע. גייט איבער דעם צימער, בלייבט שטיין נעבן קאַסטן, קוקט אַף אים, הויבט אָן שטיל און פּאַוואָלי צו זינגען:

Выпьем за Эзру,
Эзру дорогого,
Как не будет Эзры —
Выпьем за друг...

(פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט און צעוויינט זיך שטיל)

(דער פאַרהאַנג.)

# נאָך צוועלף בײַנאַכט

(אַ זומערדיקע פֿאַנטאַזיע)

חנה געסטעל — אַ מתּנה.

## פערזאָנען:

גייסט פון שטיבל (ג. פ. ש.) — אַלט, איינגעבויגן, מיט אַ גרויער לאַנגער באָרד, געקליידעט אין טונקעלן, צום לייב.

גייסט פון רויטע רויזן (ג. פ. ר. ר.) — אַ יונגע מיידל אין אַ קורצן, רויטן בלומען־קלייד.

גייסט פון ווייסע רויזן (ג. פ. וו. ר.) — אַ יונגע מיידל אין אַ קורצן, ווייסן בלומען־קלייד.

גייסט פון בוים (ג. פ. ב. — אַ מאַן, דין, הויך, דאָס פּנים גרין, געקליידעט אין גרינעם, צום לייב.

גייסט פון שטיין (ג. פ. שטיין) — אַ מאַן, נידריק, פעסט געבוים, דאָס פּנים גרוי, געקליידעט אין גרויען, צום לייב.

גייסט פון ווינט (ג. פ. וו.) — אַ צאַרטער יונגלינג, געקליידעט אין בלויען, צום לייב. פליגלען.

ער.

זי.

זייערע שאָטנס.

איר מאַן.

ערשטער מאַן — אין אָפּגעריסענע קליידער.

צווייטער מאַן — אין אָפּגעריסענע קליידער.

אַ לאָנקע אין אַ געדיכט פאַרוואַקסענעם וואַלד. לינקס אַ קליין, פאַרלאָזן שטיבל מיט אַ האַלבע טיר און אויסגעהאַקטע שויבן. דער לאָדן באַם פענסטער הענגט זיך נאָך. נעבן שטיבל אַ געדיכטער קוסט מיט ווילדע רויטע רויזן. קעגנאיבער — אַ צווייטער קוסט מיט ווילדע ווייסע רויזן. רעכטס אַ בוים און אין דער מיט פון דער לאָנקע אַ גרויסער, מיט מאָך פאַרוואַקסענער שטיין. ניט ווייט לויפט אַ טייך און אָפּ'ן ברעג שימערן געלע פייערלאַך פון אַ שטאָט.
צווייטן

אַ זומער־נאַכט. דער הימל איז באַדעקט מיט לייכטע, גרויע וואָלקנדלאַך. די לבנה רוקט זיך לאַנגזאַם צווישן זיי. אַלץ אַרום זעט זיך אָן דייטלאַך. דער פאַרהאַנג הויבט זיך לאַנגזאַם אויף. אַ קליינע פּאַוזע. פון שטאָט דערטראָגן זיך קלאַנגען פון עטלאַבע זייגערס, וועלכע קלינגען, איבער־שלאָגנדיק איינער דעם צווייטן. זיי קלינגען צוועלף.

ג. פּ. ש. (נאָך פון שטיבל)) : אַך־אַך־אַך!

ג. פּ. ב. (שפּרינגט אַראָפּ פון בוים) : איך האָב זיך קוים דערוואַרט, עס זאָל צוועלף שלאָגן! (קוקט זיך אַרום) : קומט אַרויס! עס האָט שוין געשלאָגן צוועלף.

ג. פּ. ש. (נאָך פון שטיבל) : אַך־אַך־אַך! צופיל געשלאָפן.

(ג. פּ. וו. ר. דערשיינט פונ'ם ווייסן קוסט).

ג. פּ. וו. ר. (צום ג. פּ. ב.) : האָסט זיך היינט צו־פרי צע־שריען און מיך איבערגעשראָקן.

ג. פּ. ב.: ס'האָט שוין צוועלף געשלאָגן. אַ שלעכטער טאָג היינט געווען: דער ווינט האָט מיך געהאַלטן אין איין ביינן און טרייסלען.

ג. פּ. וו. ר.: מן הסתם איז ער פאַר עפּעס בייז געווען. איך האָב פאַר אים קיין מורא ניט.

ג. פ. ב.: ווייל ביסט קליין און בייניק. ער האָט דיך ניט פאַר וואָס אָנצוכאַפּן. אָבער נאָכמער, ווי פאַר'ן ווינט, האָב איך מורא פאַר די מענטשן, מיט זייערע שאַרפע העק און פינ־קלענדיקע זעגן. (קוקט זיך איין אין איר): זיך שוין היינט ווי־דער אין אַ נײַ קלייד אויסגעפּוצט!

ג. פ. וו. ר.: אפשר ניט שיין?

ג. פ. ב.: וואונדערבאַר! כ"פיל פון ווייטנס, ווי עס שמעקט פון דיר!

(אָפּ'ן דאַך פון שטיבל דערשיינט דער גייסט פון שטיבל).

ג. פ. ש. (ציט זיך, גענעצט): אָך! איך בין שוין, אפנים, זייער אַלט.

ג. פ. וו. ר.: גוט־מאָרגן, זיידע!

ג. פ. ב.: זיך פאַרשלאָפן?

ג. פ. ש. (זעצט זיך באַם עק דאַך לאָזט אַראָפּ די פיס): גוט־מאָרגן! יאָ, זיך פאַרשלאָפן. דער קוימען, וואו איך וואוין, פאַלט ביסלעכווייז איין, און ס'ווערט מיר וואָס אַמאָל אַלץ ערגער דאָרט צו ליגן. (קוקט זיך אַרום): וואו זיינען די אי־בעריקע?

ג. פ. ב. (גייט צו צום רויטן רויזן־קוסט): שוועסטער פון די רויטע רויזן, פאַרוואָס קומסטו ניט אַרויס?

ג. פ. ר. ר.: כאַ־כאַ־כאַ! באַלד! איך טו זיך איבער!

ג. פ. ב. (צום ג. פ. ש.): אונזערע פרויען וואָלטן זיך נאָר געפּוצט און איבערגעטאָן.

ג. פ. ש.: פּונקט ווי מענטשן־קינדער.

ג. פ. וו. ר. (אומצופרידן, צום ג. פ. ב.): דו פּוצט זיך אויך גענוג, מיין ליבער: אַלע פרילינג — נייע, גרינע בלעטער, זומער מאַכסטו זיי טונקעלער און אָסיען־צייט פאַרבסטו זיי איננאַנצן איבער אין רויטן גאָלד.

ג. פ. ש.: פּוצט זיך, קינדער, פּוצט זיך, ווי לאַנג עס קען אייך שענער מאַכן.



ג. פ. ב. (קלאַפּט מיט'ן פוס אין שטיין): שלאָף ניט אַזוי לאַנג, דו פוילער! קום אַרויס! (דער שטיין צענעמט זיך, דער גייסט דערשיינט).

ג. פ. שטיין (אומצופרידן): פאַרוואָס מאַכסטו אַזאַ טומל, בוים?

ג. פ. וו. ר. (צום ג. פ. ש.): לאָז אים דאָרטן ליגן אין זיין שטיינערנער רו. און ער איז נאָך ברוגז, וואָס מיר, רויזן, האָבן אים ניט ליב.

ג. פ. ש. (גלייכגילטיק): איר זייט אַזוי פּוסט און לייכט־זיניק, ווי דער ווינט, וועמען איר ליבט יאָ. (זעצט זיך אָפּ'ן שטיין. ג. פ. ר. ר. דערשיינט).

ג. פ. ר. ר.: אָט בין איך! (לאַכט): גוט־מאָרגן, זיידע! (צו אַלעמען): גוט־מאָרגן!

ג. פ. ש.: גוט־מאָרגן, מיין קינד! (די רויזן־גייסטער לויפן צו איינער צום צווייטן, באַטראַכטן זיך).

ג. פ. ב. (אַנטציקט): אָך, רויזן, ווי שיין איר האָט זיך היינט אויסגעצירט!

ג. פ. ש.: מן הסתם ווילן זיי וועמען געפעלן.

ג. פ. ר. ר.: דעם גייסט פון שטיין זיכער ניט! איך זע, ער זיצט שוין ווידער אַ ברוגזער.

ג. פ. שטיין: אַמאָל האָבן רויזן געקענט מיין רו שטערן, אָבער היינט... (שמייכלט שפּאָטיש).

ג. פ. וו. ר.: ווי קען מען גאָר ליב האָבן אַ שטיין? מיינע ווייסע, צאַרטע בלומען וואָלטן פאַרפרוירן געוואָרן אַף דיין קאַלטער ברוסט.

ג. פ. ר. ר.: איך שטאַרב פון'ם געדאַנק, זיך צוצורירן צו אים!

ג. פ. ב. (הערט זיך צו): ש־ש־ש, דער ווינט קומט! איך פיל אים! (אַלע הערן זיך צו).

ג. פ. ש.: איך האָב זייער ליב דעם יונגן, צאַרטן ווינט;

זיין עלטערער, בייזער ברודער ווארפט מיר אבער איין מיין קוימען.

ג. פ. ב.: און ברעכט בא מיר אפט אפ די שטארקסטע צווייגן.

ג. פ. שטיין: איך האב פאר אים קיין מורא ניט. בלויז וואסער שרעקט מיך: עס בייסט זיך איין און צעמאלט מיך מיט די ווייכע, קאלטע ציין. (קוקט זיך ארום): מיט יארן צוריק האב איך אט די גאנצע לאנקע אליין פארנומען.

ג. פ. ר. ר.: דער ווינט דערציילט אזעלכע וואונדערשיינע מעשיות !

ג. פ. וו. ר.: און ווי שיין ער איז!

ג. פ. ש.: ער פליט אומעטום, זעט און ווייסט אלץ.

ג. פ. ב.: ווען ניט ער, וואלטן מיר גארניט געוואוסט, וואס עס טוט זיך אין דער גרויסער, באלויכטענער שטאט, וואס ליגט פון יענער זייט טייך.

ג. פ. ר. ר.: איך וואלט זייער געוואלט כאטש איינמאל אין לעבן זיין אין דער גרויסער שטאט.

ג. פ. וו. ר.: ווי וואונדערבאר עס דארף דארט זיין!

ג. פ. שטיין: ענג און שמוציק איז דארטן, און אייך, רויזן, וואלטן די מענטשן גלייך מיט די פיס צעטראטן. (די רויזן קוקן אף אים דערשראקן).

ג. פ. ר. ר.: ס'א ליגן! ער שרעקט אונז תמיד.

ג. פ. וו. ר.: מענטשן האבן אונז ליב. טראגן אונז אף זייערע ברוסטן.

ג. פ. שטיין (לאכט): אף איין מינוט בלויז, אזוי לאנג, ווי איר זייט פריש.

ג. פ. ש.: בענקט ניט נאך דער שטאט, קינדער. אירע פייערן נארן אפ, זיינען בלויז פון ווייטנס שיין. איך בין דארטן געווען אמאל און וועל מער אהין קיינמאל ניט קומען. אונזער וואלד איז פיל בעסער און שענער.



(עס הערט זיך א פייף פונ'ם ווינט. ער פליט אן פון לינקס. לאזט זיך ניט אראפ אף דער ערד).

ג. פ. וו.: א גוטן־אוונט!

(אלע, אחוץ דעם גייסט פון שטיין, פארנייגן זיך.)

ג. פ. ש.: בא אונז איז איצט פרימארגן.

ג. פ. וו.: עס פרייט מיך צו יעדער צייט אייך צו זען.

ג. פ. ש. (צום ג. פ. וו.): וואס לאזסטו זיך ניט ארונטער? צי ווע סטו ניט פארברענגען מיט אונז אביסל?

ג. פ. וו.: צוויי מענטשן קומען באלד אן פון לינקס. איך וועל אף א ווילע אין שטאט אריין צופליען און גלייך זיין צוריק. (פליט אוועק. דער ג. פ. שטיין הייבט זיך אויף, הערט זיך צו און שפרינגט אריין אין שטיין).

ג. פ. ר. ר.: מענטשן, זאגט ער, קומען!

ג. פ. ש.: באהאלט זיך, קינדער.

ג. פ. ב. (שפאטיש): און דער גייסט פון שטיין איז שוין פארשוואונדן.

ג. פ. וו. ר.: אזא פייגלינג!

ג. פ. ר. ר.: איך האס אים!

ג. פ. ב. (הערט זיך צו): מען גייט! (אלע פארשווינדן. א פאוזע. צוויי האלב־אפגעריסענע מענער דערשיינען לינקס. בלייבן שטיין אינמיטן לאנקע, קוקן זיך ארום.)

ערשטער מאן: נאך איין האלבע שעה גאנג און מיר זיינען אין שטאט.

צווייטער מאן: וואו מיר וועלן, פונקט ווי אומעטום, פגר'ן פון הונגער.

ערשטער מאן (ווייזט אף רעכטס): דארטן דארף זיך געפינען א רייכער רעסטאראן.

צווייטער מאן (קוקט זיך ארום): לאנג שוין אין די געגנטן ניט געווען. ווער מען אפשר באם רעסטאראן קענען אויסבעטן עפעס צום פרעסן אדער עפעס צו'גנב'ענען?

ערשטער מאן: איך צווייפל אין דעם: די זאטע הינט הימן גוט. נעבן רעסטאראן איז די בריק, און פוןביידע זייטן שטייט פאליציי. איך רעכן, מען וועט אונז אפילו אף דער בריק נים ארויפלאזן. נענוג הונגעריקע אין שטאט אן אונז פאראנען.

צווייטער מאן: ווי אזוי־זשע וועלן מיר פארט אין שטאט ארייגקומען?

ערשטער מאן: איך האב דא נים ווייט א באקאנטן פישער, וועלכער וועט אונז דעם טייך אריבערפירן. (זעצט זיך.) גיב ארוים דאס ברויט, איך בין הונגעריק.

צווייטער מאן (זעצט זיך): צום טייוול, ווי די פיס טוען וויי! מיר האבן היינט נים ווייניקער ווי 20 מייל אפגעשפאנט. (נעמט ארויס פון א בינטל א האלבן ברויט.) איך בין שוין מיד ארומשלעפנדיק זיך! מיר דאכט זיך, עס זיינען שוין יארן אריבער זינט כ׳האב זיך דאס לעצטע מאל זאט אנגעגעסן! שוין צייט צו געפינען א רואיקן, ווארימען פלאץ זיך אויסצורוען.

ערשטער מאן: איך בין שוין אויך מיד.

צווייטער מאן: דאס איז דער ערשטער און זיכערסטער סימן, אז מיר האלטן שוין ביידע באם פגר׳ן.

ערשטער מאן: נים אייביק לעבט מען און נים שטענדיק קען מען א הונגעריקער איבער די וועגן זיך ארומשלעפן.

צווייטער מאן: זאל אלץ גיין צום טייוול. (נעמט ארוים א מעסער, וויל צושניידן דאס ברוים).

ערשטער מאן (קוקט זיך איין אין ברויט): דו האסט א שטיק ברויט אויפגעפרעסן!

צווייטער מאן: ס׳א ליגן! כ׳האב עס אפילו נים אנגערירט!

ערשטער מאן: באטאג האבן מיר העכער א האלבן ברויט איבערגעלאזט און איצט איז פונקט א האלבער!

צווייטער מאן: דיינע הונגעריקע אויגן האבן עס גרעסער געמאכט!



ערשטער מאן (שפרינגט אויף, כאפט ארוים א מעסער): גיב מיר דאס ברויט!

צווייטער מאן (הויבט זיך שנעל אויף מיט׳ן מעסער אין האנט): איך בין פונקט אזוי הונגעריק ווי דו!

ערשטער מאן (גייט צו נענטער): האסט אויפגעפרעסן א שטיק!

צווייטער מאן (שטייט פארטיק זיך צו פארטיידיקן): ס׳איז א ליגן!

ערשטער מאן: דעם האלז וועל איך דיר איבערשניידן!

צווייטער מאן: פרואוו נאר, דו שמוציקער הונט! (ביידע קוקן זיך אויפגערעגט אן. א קליינע פאוזע).

ערשטער מאן (טרעט צוריק): גיב, איך וועל דאס ברויט צוטיילן.

צווייטער מאן (טרעט צוריק): איך קען דיר שוין איצט נים טרויען! (א קליינע פאוזע).

ערשטער מאן (באהאלט דאס מעסער, זעצט זיך אפ׳ן גראז): נו, גיב מיר מיין חלק.

צווייטער מאן (זעצט זיך): אזוי איז בעסער. (צושניידט דאס האלבע ברוים אף צוויי חלקים, גלייכט זיי צו, ווייזט זיי דעם ערשטן מאן פון וויימנס): וועלכעס ווילסטו?

ערשטער מאן (קוקט זיך איין): דאס פון רעכטס. (דער צווייטער מאן ווארפט אים דאס פערטל ברוים. ביידע עסן. פון רעסטאראן דערטראגן זיך מוזיק־קלאנגען).

צווייטער מאן: זיי טאנצן. זיי האבן צופיל צום פרעסן!

ערשטער מאן: דערפאר האבן מיר גארנים. (שטיים אויף.) נו, קום!

צווייטער מאן: דו דענקסט נאך אלץ, אז כ׳האב א שטיק ברויט אראפגע׳גנב׳עט?

ערשטער מאַן (טראַכט אַ ווײַלע): אפשר האָט זיך מיר אויסגעדאַכט. איך בין שטאַרק הונגעריק געווען.

צווייטער מאַן (שטייט אויף): דאָס זײַנען אַנדערע רייד. קום! (ביידע אָפּ רעכטס. ג. פּ. ב. ערשײַנט, קוקט זיי נאָך).

ג. פּ. ב.: קומט אַרויס! די מענטשן זײַנען שוין אַוועק! (אַלע גייסטער ערשײַנען, קוקן נאָך די צוויי מענער. דער ג. פּ. שטיין ערשײַנט דער לעצטער).

ג. פּ. ר. ר.: שטעכן האָבן זיי געוואָלט איינער דעם אַנדערן!

ג. פּ. וו. ר.: שלעכטע מענטשן!

ג. פּ. ש.: הונגעריקע.

ג. פּ. שטיין: דומקעפּ! (ס'הערט זיך אַ פֿײַף פֿונ'ם ווינט).

ג. פּ. ב.: דער ווינט קומט! (אַלע, אַחוץ דעם ג. פּ. שטיין, גיבן זיך אַ לאָז פֿאָרויס. ג. פּ. וו. פֿליט אָן פֿון רעכטס.)

ג. פּ. וו.: זיך פֿאַרשפּעטיקט. כ'האָב דאָ ניט ווייט די צוויי מענער באַגעגנט. (לאָזט זיך אַראָפּ.)

ג. פּ. ש.: נו, וואָס מאַכסטו, ווינט?

ג. פּ. וו. (נעמט אַרום די רויזן־גייסטער): איך פֿלי, זע און שווײַג.

ג. פּ. ש.: דערצייל עפּעס נײַעס.

ג. פּ. ב.: וואָס הערט זיך עפּעס אָף דער וועלט?

ג. פּ. ר. ר. (קאָקעטיש): נאָר דערצייל ניט קיין שרעקלאַכעס: כ'וועל שפּעטער מורא האָבן.

ג. פּ. שטיין: וואָס קען אַ ווינט דערציילן, ווען זײַן מאַרך איז בלויז פֿון לופֿט? (דער ווינט וויל אים עפּעס ענטפֿערן, נאָר דער ג. פּ. וו. ר. לאָזט אים ניט).

ג. פּ. וו. ר.: ענטפֿער ניט! וואָס ווייסט און פֿאַרשטייט אַ שטיין?



ג. פּ. ש.: נו, דערצייל, דערצייל! (אַלע שטעלן זיך אַרום ווינט).

ג. פּ. וו. (לאַסטשעט די רויזן־גייסטער): הײַנט באַטאָג האָט אין שטאָט אויסגעבראָכן אַ גרויסער פֿײַער. איך האָב אים פֿון פֿעלד באַמערקט און בין שנעל צוגעפֿלויגן. די פֿײַער־גייסטער האָבן זיך דערפֿרייט. מיר האָבן זיך גענומען שפּילן. זיי האָבן זיך געוויקלט אין זייערע שוואַרץ־ברוינע פּעלצן און איך האָב זיי יעדעס מאָל געפּונען און פֿון דאָרטן אַרויסגעשלעפּט. ס'איז געווען הייס און פֿריילאַך. באַלד זײַנען אָבער אָנגעלאָפֿן אַ סך מענטשן אָף רויטע וועגענער און האָבן אַרויסגעלאָזט פֿון דינע, ווייכע רערן טויזנטער וואַסער־גייסטער, וועלכע האָבן דאָס פֿײַער געטויטעט. איך האָב לאַנג דערנאָך געמוזט אָף דער זון מײַנע קליידער טריקענען.

ג. פּ. ש. (זיפֿצט): קלוג זײַנען הײַנט די מענטשן געוואָרן, אַלמעכטיק.

ג. פּ. ר. ר.: וואָס איז פֿײַער?

ג. פּ. וו. ר.: שמעקט עס ווי מיר, רויזן?

ג. פּ. וו.: פֿײַער איז אַ לויפֿנדיקער טײַך, אָנגעפֿילט מיט פֿלאַמענדיקע זונען.

ג. פּ. שטיין: איך קען דעם גייסט פֿון פֿײַער און האָב פֿאַר אים קיין מורא ניט.

ג. פּ. ב.: אַן אַלטער בוים האָט מיר אַמאָל דערציילט, אַז דער גייסט פֿון פֿײַער איז דער שרעקלאַכסטער אין דער וועלט. ער איז אַפֿילו ערגער פֿונ'ם שטורם.

ג. פּ. ש.: וואָס נאָך פֿאַר אַ נײַעס האָסטו געבראַכט, ווינט?

ג. פּ. וו.: טויזנטער מענטשן גייען אַרום איבער די גאַסן פֿון שטאָט בייזע, בלייכע, הונגעריקע. באַנאַכט ברעכן אָפּט אויס שיסערײַען און גאַנץ פֿרי געפֿינט מען הרוגים אָף אַלע ראָגן. ווײַבער און קינדער וויינען אין די הײַזער און בעטן עסן. און דאָס ברויט ליגט באַהאַלטן.

ג. פ. וו. ר.: ברויט? וואָס איז אַזוינס ברויט?

ג. פ. ר. ר.: מען האָט זיך דאָ נאַר־וואָס איבער דעם שיער ניט געשטאָכן!

ג. פ. ב.: פאַרוואָס האָט מען דאָס ברויט באַהאַלטן?

ג. פ. וו.: איך ווייס ניט. איך האָב געזען ווי זעלנער היטן עס.

ג. פ. ש. (זיפצט): אַך, אַך! זייער אַ סך שלעכטע מענטשן היינט אויף דער וועלט פאַראַנען.

ג. פ. שטיין: ניטאָ קיין גוטע מענטשן, פונקט ווי עס זיינען ניט פאַראַנען קיין קלוגע רויזן!

ג. פ. ר. ר.: איצט, ווינט, דערצייל עפּעס פריילאַכעס!

ג. פ. וו.: אין די רייכע האָטעלן, וואָס געפינען זיך אין דער הויכער, רייכער זייט שטאָט, שפּילט טאָג און נאַכט־מוזיק און שיין געקליידטע מענער פאַרברענגען דאָרט פריילאַך די צייט מיט האַלב־נאַקעטע פרויען!

ג. פ. ר. ר.: אַך, ווי איך האָב ליב מוזיק און טענץ!

ג. פ. וו.: פרויען קריגן זיך איבער מענער און מענער שיסן איינער דעם צווייטן צוליב שיינע פרויען.

ג. פ. שטיין: איך וואָלט עס קיינמאָל ניט געטאָן!

ג. פ. ש. (זיפצט): אַך, אַך! קלוג ווי געטער זיינען די מענטשן און אויך הילפלאָז ווי קליינע קינדער. מיט אַ שטאַלענער נעץ האָבן זיי דאָס לעבן ארומגעכאַפּט און אַליין זיך אין דער נעץ פאַרפּלאָנטערט.

ג. פ. וו.: אפ'ן טייך שווימען־ארום שיפלאַך און פאַרליבטע פּאָרלאַך האַלזן און קושן זיך. אייניקע זינגען שיינע לידער. איך וועל אייך באַלד ברענגען אַ ליד, אויב איר ווילט!

די רויזן־גייסטער (צוזאַמען): ברענג! ברענג! מיר ווילן הערן.

ג. פ. וו.: פליענדיק פון שטאָט האָב איך דאָ ניט ווייט אָנגעיאָגט אַ פאַרליבט פּאָרל, וואָס איז ענג געאָרעמט געגאַנגען



אַהער. און נאָך זיי, אין גראָז, איז שטיל נאָכגעקראָכן אַ צווייטער מאַן.

ג. פ. ש.: בלוט וועט זיך דאָ היינט גיסן!

ג. פ. ב.: איך האָס בלוט!

ג. פ. שטיין: מיך אַרט עס ווייניק!

ג. פ. וו. ר.: וואָס איז אַזוינס בלוט?

ג. פ. וו.: בלוט, דאָס איז רויטע זאַפט פון צודריקטע לעבנס.

ג. פ. ר. ר. (חזר'ט איבער): זאַפט פון צודריקטע לעבנס. שמעקן זיי אויך ווי מיינע רויזן?

ג. פ. ש.: ניין, זיי טוען וויי. ווען איך בין נאָך יונג געווען האָט דאָ, אין מיין שטיבל, אַ גליקלאַכע פאַמיליע געוואוינט. איין מאָל, ביינאַכט, זיינען עטלאַכע מענטשן אריין דורכ'ן פענסטער און אַלעמען גע'הרג'עט. דאַמאָלס האָב איך דאָס ערשטע מאָל בלוט געזען. דערנאָך בין איך צוגעוואוינט געוואָרן און ניט איין מאָל צוגעקוקט, ווי מענטשן האָבן איינער דעם צווייטן געטויט פאַר'ן שוועל פון מיין שטיבל. גייסט פון בוים, אונטער דיר ליגן צוויי הרוגים באַגראָבן.

ג. פ. ב.: ווי שווער דאָס איז!

ג. פ. ש.: און טיף אונטער דיר, גייסט פון שטיין, ליגן דריי באַהאַלטן!

ג. פ. שטיין: מיך אַרט עס ניט!

ג. פ. וו. ר.: גענוג, זיידע, איך האָב מורא!

ג. פ. ר. ר.: איך וועל שוין דערנאָך קיין רו ניט האָבן!

ג. פ. וו. (קושט די רויזן־גייסטער): האָט ניט מורא. איצט פלי איך אַביסל צום טייך און וועל באַלד זיין צוריק. (פליט אַוועק).

ג. פ. ר. ר.: ווי שיין און צערטלאַך דער ווינט איז!

ג. פ. וו. ר.: ער וועט אונז באַלד אַ ליד פון טייך ברענגען.

ג. פ. שטיין: אַ לייכטזיניקער, פוסטער מעשה־דערציילער.

ג. פ. ר. ר.: איך וועל עס אים זאָגן, ווען ער וועט צוריק־קומען.

ג. פ. וו. ר. (צום שטיין): ער וועט אַ רעגן אָנשיקן, וועל־כער וועט דיך אַף קליינע שטיקלאַך צוּוואַשן!

(ג. פ. שטיין קערט זיך אָפּ. גייסט פ. וו. פליט אָן).

ג. פ. וו. (פון ווייטנס): איך האָב אייך אַ ליד געבראַכט! נאַט! (גיט אַ מאַך מיט'ן האַנט, פאַרשווינדט. עס הערט זיך אַ ווייטער כאָר־געזאַנג. מען זינגט: „וניז פּאָ מאַטושקע פּאָ וואָלגע". אַלע הערן זיך צו. דער ג. פ. ב. שפּרינגט פּלוצלינג אויף).

ג. פ. ב.: אימיצער גייט אהער! (אַלע הערן זיך צו. דער ג. פ. שטיין באַהאַלט זיך.)

ג. פ. ש.: יאָ, מען גייט. באַהאַלט זיך, קינדער! (אַלע פאַרשווינדן. אַ פּאָרל דערשיינט רעכטס, בלייבן שטיין אין מיטן לאָנקע).

זי (קוקט זיך ארום): ווי שטיל עס איז דאָ, ווי געהיימ־ניספול!

ער: איך הער, ווי אונזערע הערצער קלאַפּן.

זי: אַך, ווי איך ליב דיך! (טוליעט זיך צו אים.)

ער: ווי גליקלאַך אונזער לעבן וואָלט געקענט זיין!

זי: איך בעט דיך, דערמאָן ניט... מען דאַרף ניט! (ער דריקט זי צו זיך, קושט זי. זיי גייען לאַנגזאַם צום שטיין אַף וועלכן זי זעצט זיך, ער זעצט זיך אַפ'ן גראָז, שפּאַרט צו זיין קאָפּ צו אירע קני. אַ מאַן באַווייזט זיך נעבן שטיבל, קוקט זיך איין אין זיי, פאַרשווינדט).

זי (באַמערקט די רויזן): זע נאָר, טייערער, רויזן בליען.

ער (הויבט זיך אויף, גייט צו, רייסט אָפּ אַ צווייגל ווייסע און רויטע רויזן, קומט צוריק, שטעלט זיך פאַר איר אַף די קני, באַפּוצט מיט די ווייסע רויזן איר קאָפּ און די רויטע רויזן שפּילעט ער צו צו איר ברוסט): מיין ליבע, דו זעסט איצט אויס ווי אַ פאַרצויבערטע פּרינצעסין!

זי: אין אַ פאַר'כשופט'ן וואַלד.



(ער דריקט זי צו זיך. פון רעכטס טרעט אַרויס דער מאַן. זיי באַמערקן אים ניט. ער צעלאַכט זיך שטיל און בייז. ביידע שפּרינגען אויף.)

דער מאַן (ציטערט אויף פון אויפרעגונג): ענדלאַך האָב איך אייך געכאַפּט! (צו איר.) ניין, וועסט מיך שוין ניט קענען נאַרן מער, דו שמוציקע פרוי! איך וועט מיך איצט שוין ביידע באַצאָלן פאַר... (דער געליבטער וואַרפט זיך אַף אים. זי שרייט אויס היסטעריש. אַ ווילדע קעמפן זיי. עס הערט זיך אַ שאָס. דער געליבטער פאַלט. דער מאַן לויפט צו צו איר, וויל זי פאַר'ן האַנט אָנכאַפּן).

זי (שאַרף): איך האָס דיך! (שטויסט אים אָפּ, לאָזט זיך אַראָפּ פאַר'ן געליבטן אַף די קני).

דער מאַן (ווי משוגע): אַזוי? דו האַסט מיך? טו נאַ דיר! נאַ!... נאַ! (שיסט אין איר צוויי מאָל. זי פאַלט. ער קוקט אַף איר אַ ווילע מיט ברייט־צועפנטע אויגן, אַנטלויפט רעכטס. אַ קליינע פּאַוזע. דער גייסט פון בוים דערשיינט, קוקט זיך צו פון ווייטנס צו די טויטע).

ג. פ. ב. (לויפט צום שטיבל): זיידע! זיידע!

ג. פ. ש. (דערשיינט): ווידער בלוט?

ג. פ. ב.: יאָ... צוויי ליגן! (די רויזן גייסטער דער־שיינען דערשראָקענע).

ג. פ. וו. ר.: עס האָט אַזוי שרעקלאַך געדונערט דריי מאָל!

ג. פ. ר. ר.: דער מאַן האָט פון מיר אַ צווייגל רויזן אָפּגעבראָכן!

ג. פ. וו. ר.: און פון מיר אויך!

ג. פ. ב.: ער האָט עס זיין געליבטער געשענקט. איך האָב עס געזען.

ג. פ. ש: זיין לעצטער געשאַנק.

ג. פ. ר. ר. (קוקט זיך איין אין די טויטע): זיי וועלן שוין ניט אויפשטיין מער?

ג. פ. ש.: קיין מאָל ניט! (אַלע גייען לאַנגזאַם צו די הרוגים. דער גייסט פון שטיין ערשיינט. קוקט זיך פּראַזיכטיק אַרום).

ג. פ. ב. (שפּאָטיש): קענסט שוין אַרויסקומען, דו בראַ־ווער העלד!

ג. פ. שטיין (קוקט זיך איין אין די טויטע, גיט אַ בייזן, שטילן געלעכטער): זיי וועלן שוין ניט אויפשטיין מער!

ג. פ. ב. (קוקט אַף די טויטע): ווי ווייס זייערע פּנים'ער זיינען!

ג. פ. ר. ר.: איך האָב נאָך קיינמאָל קיין טויטע ניט געזען!

ג. פ. וו. ר.: איך אויך ניט.

ג. פ. ב.: און איך יאָ!

ג. פ. שטיין: מיך אַרט ניט!

ג. פ. ש.: און מיר טוט וויי. (פון טויך דערטראָגט זיך אַ שטילער כאָר־געזאַנג).

ג. פ. וו. ר.: זע נאָר, זיידע, צעדריקטע רויטע רויזן אַף זייערע ברוסטן!

ג. פ. ש.: ס'איז בלוט.

ג. פ. ר. ר. (דערשראָקן, שטיל): בלוט? בלוט! (אַלע קוקן זיך איין אין די טויטע. די שטאָט־זייגערס פון ווייטנס קלינגען צוויי).

ג. פ. וו. ר. (בויגט זיך טיף אָן, וויל מיט דער האַנט אָנ־רירן די טויטנס פּנים'ער. שפּרינגט אָפּ מיט אַ דערשראָקענעם אויסגעשריי. אַלע אַחוץ דעם שטיין לויפן צו צו איר).

ג. פ. ר. ר. (נעמט זי אַרום): וואָס איז געשען, שוועס־טער?

ג. פ. ב.: האָט זיך דיר עפּעס אויסגעוויזן?

ג. פ. שטיין (שפּאָטיש): צאַרטע באַשעפענישן.

ג. פ. וו. ר. (ווייזט מיט שרעק אַף די טויטע): זיי רירן זיך! עפּעס אין ווייסן רייסט זיך פון זיי!



נ. פ. ש.: עס האָט זיך דיר אויסגעדאַכט, קינד. (גיט אַ קוק צו די הרוגים) און מעגלאַך אַז... ניט (גייט צו, קוקט זיך איין אין זיי) ניין, ווייסע רויז, האָסט זיך ניט אָפּגענאַרט. מיר וועלן באַלד האָבן צוויי געסט: די גייסטער פון די טויטע. זיי באַפרייען זיך איצט פון זייערע צעלן.

(פון די טויטע הויבן זיך לאַנגזאַם אויף צוויי גייסטער און קוקן זיך פאַרוואונדערט אַרום. דער גייסט פון שטיין שפּרינגט אַריין אין שטיין און קוקט אַרויס פון דאָרטן).

נ. פ. וו. ר.: כ'האָב מורא!

ג. פ. ב.: ניטאָ זיך וואָס צו שרעקן. עס וועט אונז איצט בלויז היימלאַכער זיין.

ג. פ. ר. ר.: קיין מענטשן־גייסטער האָב איך נאָך קיין מאָל ניט געזען.

ג. פ. מאַן (קוקט זיך אַרום): ס'איז אַ וואַלד.

ג. פ. פרוי: יאַ. דער זעלבער וואַלד, וואו מיין מאַן האָט אונז אַמאָל ביידן געטויטעט.

ג. פ. מאַן: ווי לאַנג צוריק האָט עס פּאַסירט?

ג. פ. פרוי: ווער קען עס ציילן די אייביקייטן.

ג. פ. מאַן: מיר דאַכט זיך, כ'בין ערגעץ וואו אין אַ פייכטער הייל גאַנצע יאָרהונדערטע געשלאָפן.

ג. פ. פרוי: מיר אויך.

ג. פ. מאַן: ווי לייכט איך פיל. מ'האָב זיך ווי אָפּ־געריסן פון אַ שווערער מאַסע.

ג. פ. פרוי: דאָס זיינען אונזערע קערפּערס געווען.

ג. פ. מאַן (דערזעט די אַרומיקע גייסטער. קוקט זיך איין אין זיי): ווער זיינט איר?

ג. פ. ש.: די גייסטער פון וואַלד.

ג. פ. פרוי: וועט איר אונז קיין בייזער ניט טאָן?

ג. פ. ב.: ניין. מיר זיינען ניט קיין מענטשן.

נ. פ. ש.: רו און שיינקייט זיינען אונזערע איינציקע וואונשן.

ג. פ. שטיין (קריכט ארויס, זעצט זיך אוועק).

ג. פ. ר. ר. (לויפט צו צו די מענטשן־גייסטער): ווער איז געווען דער שלעכטער מענטש, וואס האט אייך דערשאסן?

ג. פ. וו. ר. (לויפט צו): פארוואס האט ער עס געטאן?

ג. פ. פרוי: ס'איז מיין מאן געווען.

ג. פ. מאן: ער איז געווען מיאוס און אייפערזיכטיק.

ג. פ. שטיין: ווי אלע מענטשן.

ג. פ. ר. ר.: פארוואס זשע ביסטו ניט אוועק פון אים?

ג. פ מאן: ער האט איר געגעבן א סך און גוט עסן און זי אויסגעפוצט אין שיינע קליידער.

ג. פ. פרוי (לאזט אראפ דעם קאפ).

ג. פ. וו. ר. (צו דער פרוי): דערציייל אונז ווי אזוי איז עס געשען.

(אלע זעצן זיך אוועק אפ'ן גראז).

ג. פ. פרוי: מיין היים איז ווייט געווען פון דאנען, אין א קליין שטעטל, אין א געדיכטן שיינעם גארטן. מיר זיינען געווען ארים, אבער צופרידן. א גאנצן טאג האב איך פארבראכט אין מיין גארטן מיט די רויזן קוסטן (די רויזן־קוסטן קוקן זיך איבער) און אנדערע שיינע בלומען, און אין אוונט (ווייזט אן אפ'ן געליבטן) פלעגט ער צו מיר קומען און מיר האבן פארבראכט אונטער א בוים ביז שפעט אין דער נאכט.

ג. פ. ב.: פארליבטע מענטשן־קינדער באהאלטן זיך שטענדיק אין שאטן פון מיינע צווייגן.

ביידע רויזן גייסטער (צום בוים): ש־ש־ש! שלאג ניט איבער!

ג. פ. פרוי: דערנאך איז געקומען א צווייטער מאן, א פיל עלטערער פון מיין געליבטן, האט פארבלענדט מיינע אויגן מיט'ן גלאנץ פון זיין רייכטום און מיך געבראכט אין דער גרויסער שטאט, וואס געפינט זיך אף דער צווייטער זייט טייך.



ג. פ. מאן (זעצט פאר) איך האב אבער ניט געקענט לעבן אן איר. בין איך געקומען אין שטאט אריין און מיר האבן זיך ווידער גענומען טרעפן אלע נאכט, ווי פריער אין שטעטל.

ג. פ. שטיין: ביז ער האט אייך נאכגעפאלגט און דערשאסן?! גוט!

(עס הערט זיך א ווייטער פייף פונ'ם ווינט).

ג. פ. ב. (שפרינגט אויף): דער ווינט קומט! (אלע הויבן זיך אויף, הערן זיך צו. א פאוזע. די זייגערס אין שטאט קלינגען פיר.)

ג. פ. ש.: אך־אך. שוין פיר אזייגער.

ג. פ. ב.: ווי שנעל די נאכט איז פאריבער.

ג. פ. וו. ר.: עס ווערט קיל.

ג. פ. ר. ר. (טוליעט זיך אין איר קלייד): מיר איז קאלט.

ג. פ. וו. (פלים אן. שרייט פון ווייטנס): דער פרימארגן קומט! (לאזט זיך אראפ).

ג. פ. וו. ר. (ווייזט אן אף די מענטשן־שאטנס): זע, ווינט, צוויי געסט.

ג. פ. וו.: איך טרעף זיי אפט אין שטאט. (צו די צוויי גייסטער): דער מאן וואס איז פריער נאך אייך אין גראז געקראכן, ליגט שוין איצט אפ'ן גרונט פונ'ם טייך.

ג. פ. ב.: פון וואנען ווייסטו עס?

ג. פ. וו.: כ'האב אים געזען פון בריק אין וואסער אריינגשפרינגען.

ג. פ. שטיין: גוט!

ג. פ. ש.: עס פאסירט אזוי גאנץ אפט.

ג. פ. וו.: פון דער הויך האב איך שוין באמערקט די ערשטע זונען־שטראלן.

ג. פ. ב.: פונ'ם שפיץ פון מיין בוים וועל איך זיי אויך גיך דערזען.

נ. פ. ש.: די קעלט גנב'עט זיך אריין אין מיינע אלטע ביינער. (צום ווינט.) זיי פארזיכטיק, ווארף נים איין מיין קוימען.

נ. פ. וו. גוט, זיידע.

נ. פ. ב.: שוין צייט צו גיין שלאפן.

נ. פ. ר. ר. (צו די מענטשן-גייסטער): וועט איר בלייבן דא מיט אונז וואוינען אין וואלד?

נ. פ. וו. ר.: איר קענט זיך אף בייטאג באהאלטן אין אייערע געוועזענע קערפערס.

נ. פ. פ ר ו י: ניין. דארטן איז קאלט און נאס.

נ. פ. מ א ן: צוזאמען מיט'ן ווינט וועלן מיר זיך איבער דער גאנצער וועלט צעשפרייטן.

נ. פ. פ ר ו י: אין ערגעץ נים זיין און אומעטום.

נ. פ. ש.: שוין שפעט, קינדער. צייט צו גיין שלאפן.

(ווייט איבער'ן טייך הויבט אן טאגן. עס הערט זיך דאס קרייען פון הענער.)

נ. פ. ש. (גייט צום שטיבל): א גוטע נאכט. (פארשווינדט אינגוויינזיק).

נ. פ. ב. (קריכט פלינק ארויף אפ'ן בוים): די הענער האבן זיך היינט אביסל פארשפעטיקט.

נ. פ. וו. (נעמט ארום און קושט די רויזן-גייסטער): א גוטע נאכט, רויזן. איך וועל שפעטער צוריקקומען און אייך מיט זונען-שטראלן באשיטן.

די ב ל ו מ ע ן - ג י י ס ט ע ר (צוזאמען): ווי גוט דו ביסט, ווינט! ווי צארט דיינע הענט זיינען!

נ. פ. ש ט י י ן (קוקט אף זיי שפאטיש): פוסטע קעפ! (פארשווינדט אין שטיין).

נ. פ. וו. (פירט צו די רויזן-גייסטער צו די קוסטן, אין וועלכע זיי פארשווינדן. קומט צוריק, בלייבט שטיין פאר די מענטשן גייסטער)): וועט איר גיין מיט מיר?

נ. פ. מ א ן: יא, ווינט. מיר זיינען פארטיק.



נ. פ. פ ר ו י: מיט דיר איז אונזער איינציקער וועג.

נ. פ. ש ט י ב ל (פון שטיבל): אך־אך־אך! א גוטע נאכט, קינדער!

די ג י י ס ט ע ר: א גוטע נאכט, זיידע! א גוטע נאכט!

נ. פ. וו. (שטרעקט אויס די הענט צו די מענטשן-גייסטער): קומט!

נ. פ. מ א ן: איין מינוט.

נ. פ. פ ר ו י: מיר ווילן זיך געזעגענען.

(די גייסטער גייען פאוואליע צו צו זייערע קערפערס, קוקן זיך איין אין זיי, לאזן טרויעריק אראפ די קעפ. א פאוזע. דער גייסט פון ווינט גייט צו, נעמט זיי ביידן ליכט ארום. זיי הויבן זיך אלע אויף אין דער לופטן. פארשווינדן. עס דערטראגט זיך ווידער דאס קרייען פון די הענער. עס ווערט ליכטיקער. פון רעכטס גיבן א שפריץ די ערשטע זונען־שטראלן.)

(דער פארהאנג פאלט לאנגזאם)

פּערזאָנען:

אַלבערט
עטהעל
ראָווין
טאַסיאַ
סאַמואיל

אַן עס־צימער מעבלירט מיט געשמאַק. אינמיטן אַ טיש, סערווירט פאַר פינף פערזאָן. אַף דער מיטלסטער וואַנט הענגט אַ גרויסער זייגער. רעכטס די טיר פון גאַס. לינקס — די טיר אין קיך און אין די איבעריקע

צימערן. אינמיטן טיש — אַ גרויסער בוקעט בלומען.
ניין אַזייגער פאַרנאַכט. אַלבערט און עטהעל האַלטן אין פאַרענדיקן צוגרייטן דעם טיש.

ע ט ה ע ל (צורוקט די טעלער, כאַפּט זיך): זעסט, אַלבערט טייערער, אַט פעלט דאָ אַ לעפל!

אַ ל ב ע ר ט: איז עס מעגלאַך? (גייט צו, ציילט איבער די לעפל, הויבט מיט די אַקסלען) זאַנדערבאַר. אפנים אַ טעות געהאַט. כ׳ברענג עס גלייך. (גייט אין קיך).

ע ט ה ע ל (שטעלט איבער די גלעזער, שרייט אין קיך אַריין): אַלבערט, ברענג אַריין דאָס דריטע פלעשל וויין!

אַ ל ב ע ר ט (פון קיך): גוט. (קומט אַריין מיט אַ לעפל און אַ פלעשל וויין אין האַנט.) זיינען צוויי פלעשער וויין וועניק? (בויגט זיך ליבלאַך צו צו איר.) צו, אפשר, ווילסטו גאָר אונז היינט אַנ׳שיכור׳ן?

ע ט ה ע ל (נעמט מיט איין האַנט צו פון אים דאָס פלעשל וויין, מיט דער צווייטער נעמט זי אַרום זיין האַלז): דריי מענער וועלן היינט זיין, און דריי פלעשער וויין דאַרפן שטיין אַפ׳ן טיש. (קוקט אים קאָעטיש אַריין אין די אויגן.) און פאַר וואָס, ליבער, זיך טאַקע היינט ניט אַנ׳שיכור׳ן אביסל? וויפיל מאָל פראַווען מיר עס דעם 5־יאַריקן יובילעאום פון אונזער חתונה?

א ל ב ע ר ט (דריקט זי צו זיך): ביסט געדעכט. און מיר וועלן טאקע היינט אַ לעב טאָן! (קושט זי.)

ע ט ה ע ל (ציט זיך ארויס פון זיינע הענט): גענוג. באַהאַלט אביסל פייער אַף שפּעטער.

א ל ב ע ר ט (צאַרט, לאָזט זי ניט אָפּ): ניטאָ פאַר וואָס מורא צו האָבן: אין מיין הארצן איז נאָך פאַר דיר פאַראַנען ליבע און צערטלאַכקייט אַף אַ סך, אַ סך יאָרן.

ע ט ה ע ל (גלעט שטיפעריש זיין פּנים): הא, ווי אַנגענעם עס איז צו הערן. (קוקט אים אריין אין די אויגן.) איז עס טאַקע אַזוי? קיין וואונש נאָך עפּעס אָדער עמיצן אַנדערש?

א ל ב ע ר ט: איך וואָלט זיך באַליידיקט, ווען כ'זאָל עס ניט נעמען פאַר קיין שפּאַס. (קוקט איר אריין אין פּנים.) צי, אפשר, טייערע מיינע, האָט עפּעס פּאַסירט מיט אייך און איר האָט מורא עס אויסצוזאָגן? אפשר ציט גאָר אייער הערצל צו עפּעס אָדער צו וועמען?

ע ט ה ע ל (לאַכט): הלואי, הערד אַלבערט, וואָלט איר שוין אַזוי זיכער געווען אין אייערע געפילן, ווי איר קענט גלויבן אין מיינע.

א ל ב ע ר ט (זיכער): אין מיינע בין איך זיכער!

ע ט ה ע ל (לאַכט): אויב אַזוי, איז אַלץ אויסגעצייכנט! (גיט אים אַ שנעלן קוש, דרייט זיך אויס פון זיינע הענט, גייט צום טיש, שטעלט אַוועק דאָס פלעשל ווייַן).

א ל ב ע ר ט (גייט צו צום טיש, לייגט אַוועק דעם לעפל, באַטראַכט דעם טיש): שוין, דאַכט זיך, אַלץ אין אָרדנונג?

ע ט ה ע ל (באַטראַכט דעם טיש): אַזוי דאַכט זיך. (וואַרפט אַ בליק אַפ'ן זייגער.) שוין נאָך ניין. ווי קומט עס וואָס ראַווין מיט טעסי'ן זיינען נאָך ניטאָ?

א ל ב ע ר ט: זיי וועלן, מן הסתם, באַלד קומען. (זעצט זיך, ציט ארויף עטהלען צו זיך אַף די קני.) כ'פיל מיד. קום, רו זיך אויך אָפּ אַביסל. ראַווין האָט מיר היינט געלאָזט וויסן,



אַז אייער פילאַדעלפיער פריינט, סאַמואיל, איז געקומען מיט פיר שעה שפּעטער ווי ער דאַרף באַדאַרפט קומען.

ע ט ה ע ל: אָבער קומען אָהער וועט ער זיכער?

א ל ב ע ר ט: אָן צווייפל. טאַסיאַ האָט מיר אָנומעלטן דערציילט, אַז מיידלווייז זיינט איר דריי געווען גאַנץ אינטימע פריינט.

ע ט ה ע ל (צולאַכט זיך געמאַכט): אינטימע פריינט? דו קענסט דאָך טאַסיע'ן. אַלעס פאַרגרעסערט זי אַף הונדערט פּראָצענט. מיר זיינען געווען גאַנץ גוטע פריינט, אָבער פון אינטימקייט איז עס נאָך גאַנץ ווייט געווען.

א ל ב ע ר ט: ווי זשע קומט עס, וואָס איר שרייבט זיך אַפילו ניט איבער די גאַנצע צייט?

ע ט ה ע ל (הויבט מיט די אַקסלען מיט אַ געמאַכטער רואי־קייט): פון אָנהויב, גלייך ווי ער איז אַוועקגעפאָרן קיין פילאַ־דעלפיע, האָבן מיר זיך יאָ אַ פּאָר מאָל געשריבן, דערנאָך האָט עס פון זיך אַליין אַזיפגעהערט. (שמייכלט.) הפּנים, דער וואונש באַ יעדן איינעם פון אונז צו וויסן, וואָס דער צווייטער מאַכט, איז ניט געווען איבעריק גרויס. (גיט זיך אַ כאַפּ.) אַלבערט, גיב שנעל אַ קוק צום פייער, דאָס עסן זאָל ניט פאַרברענט ווערן! (לאַכט.) שנעל, שנעל!

א ל ב ע ר ט (גיט איר שנעל אַ קוש): איך לויף! (לויפט לאַכנדיק אין קיך).

ע ט ה ע ל (איר געלעכטער פאַרשווינדט גלייך. זי שטייט אַנ־געכמורעט, פאַרטראַכט).

א ל ב ע ר ט (פון קיך): קלענער מאַכן ביידע פייערן?

ע ט ה ע ל (מיט אַ געמאַכטן שמייכל): יאָ, ביידע. און זע, דער ביר זאָל ליגן אַפ'ן אייז. (גייט פאַרטראַכט איבער דעם צימער).

א ל ב ע ר ט (ענטפערט פון קיך זינגענדיק): גוט, גוט! אַלץ וועט זיין אַם בעסטן, אַם בעסטן. גוט, גוט! (מען

קלינגט. אלבערט לויפט עפענען, גיט אפ'ן וועג א כאפ ארום און א קוש די פרוי.) עטהעלע, די קעץ קומען! (אפ רעכטס.)

(עס הערט זיך א רויש פון באגריסונג־שטימען, א געלעכטער. עטהעל מאכט נערוועז צורעכט די האר. עס קומען ארײַן טאסיא, סאמואיל, ראווין און אלבערט. סאמואיל האלט א בוקעט בלומען אין האנט.)

טאסיא (צוקושט זיך מיט עטהלען): מזל־טוב, עטהעלע! (ווײַזט אן אף סאמואיל'ן.) אונזער „פלי־פויגל" איז צוריקגעקומען אף א ווײַלע. (זאגט איר עפעס שטיל אין אויער ארײַן).

ראווין (דריקט אלבערט'ן די האנט, זיי צוקושן זיך): אין א גוטער שעה, ברודער! אין 5 יאר ארום וועלן מיר פראווען דעם 10־יאריקן יובילעאום פון דײַן חתונה, און כ'האף, אלץ וועט ביז דאן גיין פונקט אזוי שיין און גוט, ווי ביז אצינד! (שטעלט פאר סאמואיל'ן.) אונזערער אן אלטער גוטער פרײַנט. טאסיא'ס און עטהעל'ס א געוועזענער לערער.

אלבערט (גיט סאמואיל'ן די האנט): כ'האב געהערט וועגן אײַך. עס פרייט מיך אײַך צו קענען.

סאמואיל: מיך אויך. איך ווינש אײַך גליק און שטעל צו מײַן חתימה אונטער דעם אלעם גוטן, וואס ראווין האט אײַך דא נאר־וואס אנגעוואונשן.

אלבערט: איך דאנק אײַך.

סאמואיל (גייט צו צו עטהלען, דריקט איר די האנט): מײַנע בעסטע ווינשן, עטהעל! (גיט איר די בלומען.) כ'פיל זיך גליקלאך, וואס מיר איז געראדע אויסגעקומען צו זײַן איצט אין שטאט און אנטייל נעמען אין אײַער יום־טוב.

עטהעל (נעמט די בלומען, זאגט אײַנגעהאלטן): איך דאנק אײַך.

טאסיא (צו אלבערט'ן): מיר האבן אים א נאמען געגעבן „פלי־פויגעל", ווײַל ער האט קיינמאל נים געקענט לאנג אײַנזיצן אף איין ארט. צימערן האט ער געביטן אלע צוויי מאנאטן און זיך פארליבן פלעגט ער אלע מאנאט. (צו סאמואיל'ן שפאסנד.) כ'האף איר זײַנט שוין איצט אביסל מער סטאטעטשנע געווארן? (לאכט.)



סאמואיל (זיפצט לאכנדיק): א שאר. אומזיסטע האפנונגען. איר קענט דאך דאס לידל (זינגט):

Пока сердце в груди бьется
Будем весело мы жить,
Пока кудри в кольца вьются
Будем девушек любить!

(ביידע לאכן).

עטהעל (גיט אלבערט'ן די בלומען): זײַ אזוי גוט, שטעל זיי ארײַן אין וואסער.

אלבערט (נעמט מיט איין האנט די בלומען, מיט דער צווייטער נעמט ער זי ארום): מיט פארגעניגן, טײַערע. (גייט מיט די בלומען אין קיך).

סאמואיל (אינטימער): נו, ווי לעבט זיך עס עפעס, עטהעל, די גאנצע צײַט?

עטהעל (מיט א זיפץ): גאנץ גוט!

(טאסיא גיט א וואונק צום מאן, אנווײַזנדיק מיט'ן קאפ אף עטלען).

סאמואיל: כ'האב אײַך געשריבן א פאר מאל, אבער אף קיין ענטפער ניט געקענט זיך דערווארטן.

עטהעל: עה, וואס איז דער אונטערשייד! ווי גייט עס עפעס בא אײַך?

סאמואיל: פונקט ווי פריער. כ'האב זיך זייער ווייניק געביטן אין די עטלאכע יאר, יעדנפאלס אינערלאך. אמת, די יארן רוקן זיך אן, אבער די עלטער שטייט נאך דערווײַל ניט אונטער די פלייצעס.

טאסיא (לאכט צו סאמואיל'ן): דאס מיינט, אלע אכט וואכן א נײַע דירה און אלע פיר וואכן א נײַע. (קוקט אף אים פיל באדײַטנד.)

סאמואיל (לאכט): אה, טאסיא, איר טרייבט עם שוין איבער!

טאסיא: ניט איבעריק פיל.

ראווין: און פאר וואס ניט, אויב ס'זיינען נאך פאראנען מעגלאכקייטן? וויפיל מאל לעבט עם אינגאנצן אונזערער א מענטש? סאמואיל, ווי האט איר עס דא פריער געזונגען? (זינגט איבער דאס לידל).

סאמואיל (כאפט אונטער).

אלבערט (טראגט אריין די בלומען אין א וואזע).

ראווין: רעכנסטו ניט, אלבערט, אז ס'איז א זינד ניט צו זינדיקן, ווען עס מאכט זיך א פאסיקע געלעגנהייט?

אלבערט (שטעלט אוועק די וואזע אפ'ן טיש): ווי אמאל. אנטקעגן וואס פרעגסטו עס?

ראווין: ניט ווי אמאל, נאר שטענדיק.

טאסיא (לאכט): ראווין, האסט נאך קיין וויין היינט ניט געטרונקען און ביסט דאכט זיך שוין אביסל שכור.

ראווין (לאכט. ווייזט אן אף סאמואיל'ן): זיין מעשה מיט די אמת־זאגער האט מיך אביסל עלעקטריזירט. עס ווילט זיך א שפיל טאן מיט'ן פייער.

אלבערט: וואס פאר א געשיכטע?

ראווין: וועגן דעם שפעטער.

עטהעל: נענונג פילאזאפירן. קומט צום טיש.

ראווין: פון בייטאג אן גארניט געגעסן.
(אלע זעצן זיך ארום טיש).

אלבערט (גיסט אן שנאפס אין קליינע גלעזלאך): כ'האב קיינער פון די מענער וועט זיך ניט אפזאגן פון א גוט ביסל שנאפס?

טאסיא: פון א קליין ביסעלע וועלן זיך די פרויען אויך ניט אפזאגן.

סאמואיל: דאס איז פיין!



ראווין (צו סאמואיל'ן, אנווייזנדיק אפ'ן ווייב): צו זי איז א קאזאק?!

אלבערט (גיסט אן טאסיא'ס גלעזל): כ'וועל עס אייך מיט פארגעניגן אנפילן דאס צווייטע און אפילו דאס דריטע מאל אויך. (צו עטהלען.) דיר אויך אנגיסן?

עטהעל (גיט אים א גלעט איבער'ן קאפ): פאר וואס ניט, ליבער? איז עס דען ניט אויך מיין יום־טוב?

אלבערט (גיסט אן): ס'זאל זיך דיר דער קאפ שפעטער ניט דרייען.

עטהעל (פריילאך): און אויב אפילו יא, וואס איז דער אומגליק? וועל איך געדענקען אז צום פינף־יאריקן יובילעאום פון אונזער חתונה האב איך זיך אנגע'שכור'ט.

סאמואיל (פאטשט מיט די הענט): בראווא!

ראווין: ס'איז ניט שלעכט אמאל זיך אנצו'שכור'ן און האבן די גאנצע וועלט אין דער ערד.

אלבערט: מען קען עס טאן אן ווייין אויך. יעדנפאלס, אזוי אדער אנדערש, אין הויז איז פאראן איבערגענוג וויין און שנאפס.

טאסיא (הויבט אויף איר גלעזל בראנפן. אלע טוען דאס זעלבע): איך וואלט געוואלט זאגן א פאר ווערטער.

ראווין (פאלט איר אריין אין די רייד): זי האט זיי נאך אין דער היים אויסגעלערנט.

אלבערט (צו ראווינ'ען): שלאג ניט איבער.

טאסיא: כ'וועל אבער מיין רעדע בעסער אפלייגן אף נאכ'ן עסן. דעם ערשטען כוס וועלן מיר איצט טרינקען פאר עטלען מיט אלבערט'ן!

אלע (קלאפן זיך אן מיט די גלעזלאך): הורא פאר עטלען מיט אלבערט'ן! (אלע טרינקען. טאסיא פארהוסט זיך).

אלבערט (צו טאסיא'ן): איר זעט, ס'איז ניט אינגאנצן גרינג צו זיין א מאן!

סאמואיל (זיפצט): צייטנווייז איז עס גאנץ שווער.

ע ט ה ע ל (לאַכט): נו עסט, אָרימע מענער. איר וועט שפּעטער האָבן גענוג צייט איינער דעם צווייטן צו באַדויערן.

(אַלע עסן. אַ קליינע פּאַוזע).

ר אַ ו ו י ן: פאַרנדיק אַהער האָט די באַן אין מיט'ן וועג זיך מיט אַזאַ אימפּעט פּלוצלינג אָפּגעשטעלט, אַז עטלאַכע מענטשן זיינען אַפ'ן דיל געפאַלען.

ט אַ ס י אַ: כ'האָב געמיינט אונזער לעצטע שעה איז שוין געקומען.

אַ ל ב ע ר ט: ערשט לעצטע וואָך איז ניט ווייט פון דאַנען אַ באַן אַראָפּ פון די רעלסן.

ס אַ מ ו אַ י ל: כ'האָב געלייענט וועגן דעם אין די צייטונגען.

ע ט ה ע ל (נעמט צונויף די טעלער, זאָגט צו טאַסיא'ן אָנ־ווייזנדיק אַפ'ן טיש): זיי אַזוי גוט און ברענג אריין די איבעריקע טעלער. (גייט אין קיך).

ט אַ ס י אַ: מיט פאַרגעניגן. (נעמט צונויף די טעלער, גייט מיט זיי אין קיך).

אַ ל ב ע ר ט: האָט איר שוין געלעזן דעם נייעם זשורנאַל „אונזער ליטעראַטור“, (גיסט אָן די גלעזער מיט וויין).

ר אַ ו ו י ן: כ'האָב אים ערשט היינט געקויפט. בלויז דורכגעקוקט.

ס אַ מ ו אַ י ל: כ'האָב דורכגעלעזן דעם גאַנצן נומער פון דער ערשטער ביז דער לעצטער שורה און...

אַ ל ב ע ר ט (רוקט צו די גלעזער וויין): פאַרזוכט. ס'איז אַן אויסגעצייכנט גלעזל וויין!

ד י מ ע נ ע ר (נעמען די גלעזער, קלאַפּן אָן מיט זיי): לחיים! פאַר אונזער געזונט! (אַלע טרינקען אויס דעם וויין).

ס אַ מ ו אַ י ל: יאָ, כ'האָב דורכגעלעזן דעם זשורנאַל און — אַ וואונדערלאַכע זאַך — אַלץ איז דאָרטן פאַראַן: פּאָעזיע, דערציילונגען, אַ וויסנשאַפטלאַכער אַרטיקל וועגן געשיכטע פון ליטעראַטור, אַ פּאָר עסעים וועגן קונסט, און דאָך



האָט די שריפט קיין באַשטימטן פּנים אין וועלכן ס'זאָל זיך גלוסט איינצוקוקן. ס'בלייבט דער איינדרוק פון אַ פּיל־פּאַכיקן פּלעק, וועלכער וועבט זיך לייכט אויס פונ'ם זכרון.

ר אַ ו ו י ן: ס'איז ווייל דער רעדאַקטאָר האָט געוואָלט אַלץ אַריינכאַפּן, ווייזן דעם לעזער, אַז ער גיט אַלץ.

אַ ל ב ע ר ט: דאָס איז דער חסרון פון כמעט אַלע אונזערע צייטשריפטן. איך געדענק ——

ע ט ה ע ל (דערשיינט פון קיך מיט דריי טעלער געבראָטנס אין די הענט. נאָך איר טראָגט טאַסיא צוויי טעלער).

ט אַ ס י אַ (שטעלט אַוועק די טעלער): זע נאָר, עטהעל, בשעת מיר זיינען געווען פאַרנומען אין קיך, האָבן אונזערע ראַדיקאַלע מענער אויסגעטרונקען צו גלעזלאַך וויין. אנו, נעם דיין גלעזל און זאָלן מיר זיי ווייזן, אַז מיר זיינען גלייכבאַרעכטיקטע באַשעפענישן. (נעמט די גלאָז וויין).

ע ט ה ע ל (נעמט איר גלאָז): לחיים, טאַסיא! פאַר אונזער געזונט, שוועסטער! (זיי טרינקען אויס דעם וויין. צו די געסט) עסט: עס וועט קאַלט ווערן. (אַלע עסן).

ר אַ ו ו י ן (לאַכט): טאַסיא ניט היינט אויס די מיזינקע.

אַ ל ב ע ר ט (פילט אָן די גלעזער מיט וויין): זאָל זי. שטער איר ניט.

ט אַ ס י אַ: קיינער קען אונז ניט שטערן: מיר האָבן די זעלבע רעכט, וואָס איר מענער!

ס אַ מ ו אַ י ל (לאַכט): אמת! עס וועט אָבער מוזן נעמען אַ ביסל צייט ביז איר וועט זיך צוגעוואוינען דערצו. מיר האָבן הינטער זיך טויזנטער דורות.

ע ט ה ע ל: גאַנץ ריכטיק. מיר פרויען קעמפן איצט אויס געוואוינהייטן פאַר די קומענדיקע דורות. (נעמט אַ גלאָז וויין). טאַסיא, לאָמיר אויסטרינקען פאַר די צוקינפטיקע פרויען.

ט אַ ס י אַ (נעמט איר גלאָז): פאַר דער צוקונפטיקער פרוי, וועלכע וועט זיך נוקם זיין פאַר אונז! (ביידע טרינקען אויס זייערע גלעזער).

(די מענער קוקן זיך שמייכלענדיק איבער).

סאמואיל: מיר פערזענלאך קענען אייערע פרייהייט־רעקלאראציעס גאנץ ווייניק־וואס שאטן. איך גיב דער פרוי די זעלבע פרייהייט ווי דעם מאן.

אלבערט (שמייכלט): ס'איז לייכט צו געבן אזוי לאנג ווי מ'איז אליין ניט פארהייראט.

עטהעל (צום מאן): עס מיינט, אז אונזער פרייהייט שרעקט אייך, אבער אויפגעבן אייערע ווילט איר בשום־אופן ניט!

אלבערט (לאכט): מוז מען איינגיין אף קאמפראמיסן.

טאסיא: ברידער, מענער, מיר קענען אייך!

ראווין (שמייכלט): טאסיא, וועסט שוין היינט מוזן שלאפן דא.

עטהעל (צו ראווינ'ען): מיר האבן פלאץ פאר איר. (צו אלעמען) נו עסט. דאס פלייש וועט קאלט ווערן.

(אלע עסן. א קליינע פויזע).

סאמואיל (ענדיקט, רוקט אפ דעם טעלער): א דאנק, איך בין פארטיק.

עטהעל: איר פלעגט אמאל מער עסן.

סאמואיל: זיך איבערגעגעסן.

טאסיא: זיך אפשר אויך איבערגעליבט?

סאמואיל (לאכט): ניין, דאס נאך ניט. (נעמט די גלאז ווייו, ווענדעט זיך צו די מענער): לאמיר אויסטרינקען פאר אונזער פרייער פארגאנגענהייט, פאר דער ניט שלעכטער נעגנוווארט און אויך האפן, אז די צוקונפט וועט זיין ניט ערגער.

ראווין און אלבערט (הויבן צוזאמען אויף זייערע גלעזער, זאגן צוזאמען): פאר דער פארגאנגענהייט, פאר דער נעגנוווארט און פאר דער גוטער צוקונפט. הורא!

טאסיא: עס רעדט זיך אזוי!

עטהעל: שוין אוועק די אלטע צייטן!



טאסיא: דודקי, בראט!

עטהעל: אלע זיינען מיר איצט גלייכע יחסנים!

א געפילדער, א געלעכטער, א פאטשעריי מיט די הענט. עטעל פראגט ארוים די טעלער אין קיך. קומט אריין מיט א גרויסער וואזע פרוכט. שטעלט זי אוועק אפ'ן טיש.)

טאסיא (שטעלט זיך אויף, נעמט באם מאן א קליינעם פודל, עפנט עס, נעמט ארוים פון דארטן א שפילקע, רופט): קום אהער, עטהעל! (עטהעל גייט צו. טאסיא שפיליעט איר אן די שפילקע צום ברוסט): זעסט, דאס האבן מיר דיר געקויפט א מתנה. אבער איך גיב עס דיר גיכער אלס א מעדאל, אלס אנערקענונג פאר'ן טאלאנט מיט וועלכן דו האסט אזוי קונציק געפירט ביז איצט דיין פאמיליען־שיף איבער'ן ים פון פארהייראטן לעבן. דער פאמיליען־ים איז היינטיקע צייטן אן צווייפל דער געפערלאכסטער פון אלע ימים. יעדע קלייניקייט איז א שארפער אונטערוואסער שטיין און קאן אזוי לייכט אראפשיקן די שיף צום גרונט. ביז איצט האסטו געזיגט און איך האף אז אויך אף ווייטער וועט ניין ניט ערגער. (ביידע פרויען צוקושן זיך).

עטהעל (ווייזט טאסיא'ן איר האנט זייגערל): דאס איז אלבערט'ס מעדאל.

טאסיא: ווי שיין דאס איז! (צום מאן) זעסט, ראווין?

ראווין (ווארפט א בליק אפ'ן זייגערל, לאכט צום ווייב): איך פארשטיי.

טאסיא (גיט אלבערט'ן די האנט): און איר, אלבערט, זיינט א גאנץ וואוילער בחור. דאס מיינט, חלילה, ניט, איהר זיינט פיל בעסער פון אלע אנדערע מענער, אבער דורכקומען מיט אייך קען מען נאך ווי עס איז. איך ווינש אייך אויך אף ווייטער גליק און זעט פאלגט שטענדיק אייער ווייב.

(א געלעכטער).

אלבערט: איך דאנק אייך, טאסיעלע טייערע, פאר אייערע ווינשן און עצות. אייערע קאמפלימענטן וועלן מיך לאנג ווארימען.

סאמואיל (גיסט אָן די גלעזער ווין): לאָמיר טרינקען פאַר דער צוקונפטיקער פרוי, וועלכע, ווי איך גלויב, וועט אין גרונט בלייבן די זעלבע וואָס איצט!

די מענער (כאַפּן די גלעזער): הורא! פאַר דער צוקונפטיקער פרוי!

עטהעל: דער וואונש אליין ווייזט אָן אַפּ'ן צווייפל. נעמט פרוכט, עסט. (אַלע עסן).

טאַסיא (שיילט אָן עפּל): טרייסט זיך. איר ווייסט דאָך: „מיט וואָס אַ קינד זאָל זיך ניט שפּילן, אַבי עס זאָל ניט וויינען". סאַמואיל, דערציילט זיי בעסער די געשיכטע פון אייערע דריי פריינט, די אמת־זאָגער, וועלכע איר האָט אונז פריער דערציילט.

סאמואיל (שמייכלט): זאָל שוין זיין. זיך גענוג אָנגעלאכט.

ראָווין: דערצייל. זאָלן זיי אויך אַ ביסל לאַכן.

אלבערט (צו ראָווינ"ען): וואָס פאַר אַ אמת־זאָגערס? האָסט פריער אָנגעהויבן דערציילן און עס איבערגעלאָזט אַף שפּעטער.

עטהעל (צו סאַמואיל'ן): נו, לאָזט זיך ניט בעטן.

סאמואיל: דריי פון מיינע פילאַדעלפיער פריינט, צוויי מענער און איין פרוי, האָבן זיך מיט אַ פּאָר מאָנאַטן צוריק געטראָפן בא אַ גלעזל טיי. רעדנדיק וועגן פאַרשידענע זאַכן, איז מען אַרויף אויף אַזאַ פאַרשימלטע אַלטע פראַגע, ווי דער אמת און צי טויג ער אויך פאַר לעבעדיקע. איינער פון זיי האָט געזאָגט יאָ, דער צווייטער ניין. קורץ, מען האָט באַשלאָסן עס גלייך אויסצופּרובירן, ווייזן איינער דעם אַנדערן די נאַקעטע נשמות, די נאַקעטע געדאַנקען. (שווייגט אַ ווײַלע).

עטהעל: נו, און וואָס?

טאַסיא (צו עטל'ען): וואַרט אַ ווײַלע.

ראָווין (איינהאַלטנדיק דעם געלעכטער): איר וועט באַלד הערן.



סאמואיל: די ענדע איז געווען, אַז מיט איין האַלבע שעה שפּעטער זיינען פון די דריי שיער ניט געבליבן פיר הרוגים.

ראָווין (לאַכט): פון דריי לעבעדיקע פיר מתים.

עטהעל: איז עס אַ פאַקט?

סאמואיל (שאָקלט מיט'ן קאָפּ אַף יאָ): זיכער!

אלבערט: אַזוי קויטיק זיינען זייערע נשמות געווען?

סאמואיל: פונקט ווי אונזערע אַלע.

אלבערט: דאַן ווי קומען אַזעלכע פאַלגן?

סאמואיל: ווייל אַזוי אומגעלומפּערט זיינען אונזערע נאַקעטע נשמות.

עטהעל: אָבער עס זיינען דאָך פאָרט פאַראַן גוטע פריינט און גלאַט אַזוי ערלאַכע מענטשן, וועלכע זאָגן דעם אמת איינער דעם צווייטן.

סאמואיל: אַזאַ אמת־זאָגן איז אַ שפּיל פון באַוואוסטזיניקע אָדער אומבאַוואוסטזיניקע ליגנער. זיי באַפּוצן דעם ליגן מיט קליינינקע אמת'לאַך. דעם גרונט אָבער פון זייער נשמות וועלן זיי אייך קיינמאָל ניט ווייזן.

טאַסיא (שמייכלט קרום): איך גיב צו, אַז ס'איז טיילווייז אמת.

סאמואיל: מיט דעם וואָרט „טיילווייז" זאָגט איר אַ ליגן, ווייל איר ווייסט גוט, אַז ס'איז הונדערט פּראָצענט אמת.

אלבערט (פאַרטראַכט): רעכנט איר, אַז דער גרונט פון'ם מענטשנ'ס נשמה איז טאַקע אַזוי שמוציק, אַז מען טאָר אים גאָר ניט ווייזן?

סאמואיל: דאָס וואָרט שמוציק איז דאָ גאָר ניט אין פּלאַץ, און איז פּונקט אַזוי אַבסטראַקט ווי דאָס וואָרט „הייליק", „גוט" אָדער „שלעכט". יעדער האָט זיך זיין אייגענע מאָס. מענגלאַך, דאָס וואָס מיר רופן שמוציק, איז ניט מער ווי נאַטירלאַך. כ'ווייס ניט. מיר זיינען פאַרטרונקען אין אַ ים פון

עטישע און מאראלישע געזעצן, און נאטירלאכקייט, אדער מיט אנדערע ווערטער — אן אמת נאקעטע נשמה וואלט פאר אונז געווען ערגער ווי דער ווייִרדיך פאר׳ן טייוול. דער ליגן איז אונזער רעטונגס-גארטל. מיט׳ן אמת וואלט אונז ענג געוואָרן דאס לעבן.

עטהעל: ס׳איז גאנץ אינטערעסאנט. רעכנט איר, אז אלע מענטשן זיינען אזוי? אויך אונזערע גייסטיקע פירער?

סאמואיל: איך פערזענלאך דענק, אז פון אלע פירער, וואס די מענטשהייט האט ווען ס׳איז געהאט, זיינען פאראן עטלאכע געציילטע, וועלכע זיינען פארבליבן זייער גאנצן לעבן מיט א ריינעם געוויסן. די איבעריקע, קיין חלוק ווי טאלאנט-פול, אדער אפילו געניאל זיי זיינען ניט געווען, האבן געמוזט זיין, אויב ניט קיין ליגנער, אלענפאלס גוטע אקטיארן, פונקט ווי מיר אלע.

(א פאוזע.)

אלבערט (צו סאמואיל׳ן): רעכנט איר ניט, ווען די גאנצע מענטשהייט אדער איין פאלק עפנט מיט איין מאל די נשמה אוןווארפט פון דארטן ארויס דאס גאנצע שמוץ, וואס האט זיך דורות-לאנג אנגעקליבן, דענקט איר ניט, אז דאס גאנצע לעבן וואלט נאכהער ריינער און בעסער געווארן?

סאמואיל (שאקלט מיט׳ן קאפ אף ניין): כ׳צווייפל צי עס וואלט געהאלפן: דער שטראם פון לעבן וואלט, ווי א טייך, גלייך די זעלבע געפילן און וואונשן אנגעטראגן, און אלץ וואלט געבליבן ווי פריער. דאס אויסצואווארצלען מוז מען האבן א סאציאלע רעוואלוציע און א הונדערט יאר גייסטיקע אנט-וויקלונג נאך איר.

עטהעל (צו סאמואיל׳ן): ווי ס׳זעט אוים, זיינט איר גום באקאנט מיט׳ן גאנצן ענין?

סאמואיל: זיכער. כ׳האב שוין אויך מיט אייניקע פריינט א פאר מאל געפרואווט אונזערע נאקעטע נשמות אויס-



רעדן און דער שלום איז יעדעם מאל געווען זייער א טרויערי-קער: מיר זיינען געווארן אוים פריינט, און פלעגן ניט קענען קוקן איינער דעם צווייטן אין די אויגן.

טאסיא: אבער אזוי, אין פערזענלאכן לעבן, זאגט איר אן צווייסל ליגן רעכטס און לינקס?

ראווין (צום ווייב): דאס איז שוין א פריוואטע זאך. אזוי פרעגט מען ניט.

סאמואיל (לאכט): ס׳מאכט ניט, ראווין. איך וועל איר ענטפערן. (צו טאסי׳אן): יא, טאסיא, לינקס און רעכטס, פונקט ווי מיר אלע. פון צייט צו צייט גיב איך זיך נאך א שפיל מיט׳ן אמת, און מענטשן נעמען עס שטענדיק אן פאר א שפאס: ווייל עס באליידיקט.

טאסיא: כ׳האף, אז אונז האט איר נאך דערווייל מיט קיין זאך ניט אפגענארט.

סאמואיל (לאכט): וועגן קליינע ליגנס געדענק איך ניט, זיי זיינען אזוי איינגעווארצלט אין אונז פון קליינערהייד אן, אז מיר זאגן זיי צענדליקערוויין און באמערקן עס אפילו ניט. כ׳האב אייך אבער אויך היינט געזאגט איין גרויסן ליגן.

עטהעל: און דער גרויסער ליגן וועגן וועלכן איר ווילט אונז זאגן, וועט ניט זיין קיין ליגן.

סאמואיל: ניין, ער וועט זיין אן אמת.

טאסיא: לאמיר שוין הערן וואס.

סאמואיל (שמייכלט): היינט אין דער פרי האט איר, טאסיא, מיך געפרעגט צי דענק איך שוין ניט וועגן חתונה האבן.

ראווין: ריכטיק. איך בין אויך דערביי געווען.

סאמואיל: איך האב אייך געענטפערט, אז כ׳האלט נאך ווייט פון דעם, און אין אמת׳ן איז שוין באלד זעקס חדשים, אז איך בין פארהייראט.

(אלע קוקן אים אן. א קליינע פויזע.)

א ל ב ע ר ט (צו סאמואיל'ן): אנטשולדיקט, וואס האט אייך געצוואונגען דא אפצונארן?

ס א מ ו א י ל: כ'ווייס נים. עפעס א געפיל האט געגעבן א שפרונג ארויס און מיין אָרימע צונג האט געפאָלגט זיין ווילן. אָבער, זעלבסט פארשטענדלאך, ווען מען נעמט זיך טיף אנאַליזירן, וואָלט מען זיך געקענט דערגראָבן צו דער אורזאַכע פון דעם.

ט א ס י א (ערשטוינט): דאָס קלינגט פיין, בפרט ווען מיר האלטן אייך פאר אזא איבערגעבענעם און טייערן פריינט.

ר אָ ו ו י ן (שלאָגט־איבער, לאכט): שווייג, טאסיא, אין די עטלאכע ווערטער האָסטו שוין געזאָגט צוויי גרויסע ליגנס. געדענקסטו, וואס האָסט נעכטן געזאָגט?

ט א ס י א (וויל אים עפעס ענטפערן, בלייבט שטיין מיט אָן אָפן מויל. קערט אָפּ דעם קאָפּ, שמייכלט).

ע ט ה ע ל: ס'איז אינטערעסאנט צו וויסן, סאמואיל, וואָס האט געצוואונגען אזא „פלי־פויגל" חתונה צו האָבן?

ט א ס י א (ציט אויס די ווערטער): כ'וואָלט עס אויך געוואָלט וויסן.

א ל ב ע ר ט: איר קענט זיי זיכער אָפּ אזא פראגע נים ענטפערן.

ס א מ ו א י ל (צו אָלבערט'ן): ניין, כ'וועל יאָ ענטפערן. (צו עטלען): מיין פרוי, אחוץ דעם וואָס זי איז א שיינע אין א גאנץ קלוגע, פארמאָגט זי אויך א זאָנדערבארע פייאיקייט מיך צו רייצן און אויפרעגן. טויזנטער וועגן האָט זי פאר דעם. אלס באקאנטע און שפּעטער אלס כלה, האָט זי זיך קיינמאָל נים געלאָזט שטארק ארומנעמען אָדער קושן. זעלבסטפארשטעדלאך, זי האָט דאָס אַלץ פארדעקט מיט שיינע ווערטער וועגן אמת'ער ליבע און גליק, וועלכע פארשווינדן פון צו־גרויסער נאָענטקייט. און נאָך א זאך איז געווען, וואָס האָט אין א קליינער מאָס (כאַפּט זיך) ניין, טאקע אין א גרויסער מאָס, געווירקט אָפּ מיין באשלוס מיט איר צו הייראטן. (שווייגט א ווײַלע). זי האָט



געהאט פינף טויזנט דאָלאר. (שמייכלט). נו, ווי קלינגט עס פאר אייך דער אמת? (טרינקט אויס א גלאָז וויין).

(טאסיאָ און עטעל קוקן זיך איבער.)

א ל ב ע ר ט: גאנץ דערטרעגלאך.

ס א מ ו א י ל (שמייכלט שוואך): ווארט, ס'איז ערשט בלויז איין ווינקעלע פון מיין נשמה.

ר אָ ו ו י ן: איך רעכן, די גאנצע געשיכטע איז נים אזוי שרעקלאך ווי איר מאכט עס.

ע ט ה ע ל: מן־הסתם היבשלאך איבערטריבן.

ט א ס י א (צום מאַן): ווער ווייסט. מעגלאך, ווען איך ווייס אַלעס וועגן דיר, וואָלסטו מיך שוין מאָרגן אין הויז נים געזען.

א ל ב ע ר ט: נו, און ווי אויב קאפויר?

ט א ס י א: ווי שלעכט מיר זאָלן נים זיין, קענען מיר זיך מיט אייך אין דעם נים פארגלייכן.

ר אָ ו ו י ן: איר הערט, איך וואָלט פאָרגעלעגט אָפּ איין האַלבע שעה ארונטערצונעמען די ווינטערדיקע קליידער פון אונזערע נשמות און זיי קיין זומערדיקע נים אָנטאָן. אָבער עס מוז אויסגערעדט ווערן, אז יעדע זאך מוז נאָכדעם פארגעסן און פארגעבן ווערן.

א ל ב ע ר ט: איך אונטערשטיץ עס!

ע ט ה ע ל: איך לעג פאָר צו בייטן די טעמע. עסט פרוכט.

ר אָ ו ו י ן: איך מיין עס ערנסט. כ'בין טשיקאווע צו זען, וואָס ס'וועט ארויסקומען.

א ל ב ע ר ט: און איך אויך דאָסזעלבע.

ס א מ ו א י ל: און איך וועל אייך פארשפּאָרן די ארבעט און אָפּ זיכער פאָראויסזאָגן דעם סוף. אין בעסטן פאַל וועט ער זיין א גאנץ טרויעריקער און מעגלאך אויך א טראגישער. צו וואָס שפּילן זיך מיט פייער, ווען די קליידער זייגען אָנגעזאָפּט מיט ברען־שטאָף.

טאסיא: די פראגע איז ניט אזוי וועגן ברען־שטאף, ווי וועגן זיך נאריש מאכן.

עטהעל: טאקע אין אמת׳׳ן, צו וואס זיך נאריש מאכן?

אלבערט (צו עטלען): האסט מורא?

עטהעל (שמייכלענדיק): לחלוטין ניט. אבער ווער דארף עס?

ראווין: ס׳איז זייער אינטערעסאנט. מיר קענען אלע פון דעם בלויז געווינען. מיר דאכט זיך, אז ווען יעדער איינער קען טיף אריינקוקן אין צווייטנס נשמה וואלט דאס גאנצע לעבן אנגעהויבן עפעס גאר אנדערש גיין.

סאמואיל (שמייכלט): פאלגט מיך, ניט אויף די גאנצע געשיכטע און עסט בעסער פרוכט. (נעמט אן עפל). פאר־איארן האב איך מיט נאך עטלאכע פריינט געמאכט אזא עקס־פערימענט. אמת, מיר האבן זיך ניט געקריגט נאך דעם, מיר פלעגן אבער נאכהער אויסמיידן איינער דעם צווייטן און וועגן שטארקער פריינטשאפט איז שוין אפגערעדט.

טאסיא (אנטשלאסן): איך שטיי צו. טשיקאווע צו זען, וואס עס וועט ארויסקומען דערפון.

עטהעל (הויבט מיט די אקסלען, לאכט): אויב אירווילט.

סאמואיל (לאכט): און איך ראט אייך נאך אמאל עס אויפצוגעבן, און אויב איר שטימט ניט צו, ווייזט מיר, וואו מיין הוט און מאנטל זיינען: כ׳זאל קענען גלייך נאכ־דעם זיך אפטראגן.

אלבערט (לאכט): אייער הוט און מאנטל הענגען אין דורכגאנגס־צימער. כ׳גלויב אבער ניט, ס׳זאל קומען צום אנט־לויפן.

טאסיא (לאכט): איך וועל אים שוין צוהאלטן. ער וועט היינט נעכטיקן בא אונז.



ראווין: ער שרעקט די געגנט.

עטהעל (אנטשלאסן): סאמואיל, ניט צופיל גערעדט. אזוי ווי איר ווייסט שוין ווי עס דארף אנגיין, פירט איר אן דעם עקספערימענט.

סאמואיל (טראכט א ווײלע, זאגט אנטשלאסן): גוט, אבער איר מוזט מיר אלע פארשפרעכן, אז וואס ס׳זאל ניט גע־זאגט ווערן, וואס פאר א זאכן עס זאלן ניט אויפגעדעקט ווערן, מוז יעדער איינער אף פריער פארגעבן דעם צווייטן. אלע מוז פארגעסן ווערן. זאגט איר מיר עס צו?

אלע: יא. זיכער, זיכער! ווי אנדערש!

סאמואיל (הויבט זיך אויף): שטייט אלע אויף, רוקט אפ דעם טיש אן א זייט, זעצט זיך אוים אין א האלבן ראד. (אלע טוען וואס ער זאגט, לאכנדיק און זיך איבעררעדנדיק. סאמואיל נעמט א שטעקל אין האנט, זעצט זיך אין אוינעם פון די עקן פון האלבן ראד). איצט מאכט זיך באקוועם. הערט אויף צו לאכן. דער געלעכטער איז סיי ווי ניט אינגאנצן אויפ־ריכטיק. מאכט אלע צו די אויגן און באשליסט אין זיך, אז וועגן וואס עס זאלן ניט זיין אייערע רייד אדער פראגן, מוזן זיי אבער זיין דער ריינסטער אמת. איר וועט אלע אריינפאלן אין א געוויסן האלב היפנאטישן צושטאנד און מוזן פאלגן. די ערשטע, פונקט קעגן מיר, זיצט טאסיא. ווען כ׳וועל געבן צוויי קלעפ מיט׳ן שטעקעלע אין דיל דארף זי עפענען די אויגן און זאגן, דאס וואס זי וועט טראכטן און פילן און זען ארויסזאגן עס נאקעט, אן שום פליטערלאך. טאמער מאכט זיך, זי געפינט ניט אזוי גיך וואס צו זאגן, ווארט איך צו אביסל און גיב נאך צוויי קלעפ מיט׳ן שטעקעלע: דאס מיינט, אז זי דארף צוריק פארמאכן די אויגן און דער צווייטער צו איר — אלבערט, דארף עפענען זיינע אויגן און עפעס זאגן, אדער פרעגן. און אזוי אלע ארום. פארשטייט זיך, אז קיינע שפאסן, וויצן זיינען ניט ערלויבט. מען דארף זאגן וואס מען פילט, וואס מען טראכט, אדער אינגאנצן שווייגן. (אלע קוקן זיך איבער, שמייכ־

ליגן מאָדנע. סאַמואיל זעצט זיך באַקוועם אַוועק אין שטול). איצט שליסט צו די אויגן און לאָזט זיך אָפּ אינגאַנצן פריי.

(אַלע שליסן צו די אויגן. אַ פּויזע. סאַמואיל גיט צוויי שטילע קלעפּ מיט'ן שטעקן אָן דיל.)

טאַסיאַ (עפנט די אויגן, קוקט זיך ארום, שמייכלט ניט זיכער, טראכט אַ ווײַלע אַנגעשטרענגט, עפנט אַ פּאָר מאָל דאָס מויל ווײַל עפּעס זאָגן און קען ניט. צולאַכט זיך נערוועז, הייבט אויף די פּלייצעס, גיט זיך אַ רוק מיט'ן פּאָדערשטן טייל קערפּער אָף פאַראויס, זאָגט שטיל): אז, כ'ווייס ניט וואָס צו זאָגן. (קוקט זיך ווידער ארום, זעצט זיך אנטשלאָסן אַוועק פּונקט ווי זי איז פריער געזעסן. אַ קליינע פּאַוזע. סאַמואיל גיט ווידער צוויי קלעפּ מיט'ן שטעקן).

אַלבערט (עפנט די אויגן, באַטראַכט די זיצנדיקע, צולאַכט זיך שטיל, האַקט מיט אַמאָל אָפּ דעם געלעכטער, בויגט זיך אָן פאַראויס, פאַרדעקט דאָס פּנים מיט בײדע הענט, זיצט אַזוי אַ ווײַלע, רייבט זיך דעם שטערן, זאָגט שטיל, לאַנגזאַם): דער טייוול ווייסט עס! די געדאַנקען שפּרינגען ווילד. כ'ווייס ניט! כ'ווייס ניט וועלכע פון זיי זיינען אמת און וועלכע זיינען שקר. (קוקט אַנגעשטרענגט פאַר זיך, קנייטשט אומצופרידן דעם שטערן, גיט אַ פּיפּן זיפץ, קוקט אַ ווײַלע אָף דער פרוי, שאָקלט מיט'ן קאָפּ אָף ניין. זעצט זיך אין דער פריערדיקער פּאָזע. אַ קליינע פּאַוזע. סאַמואיל גיט ווידער צוויי קלעפּ מיט'ן שטעקן).

ראַווין (גיט זיך האַסטיק אַ גלייך אויף אָף זיין שטול, באַטראַכט אַלעמען. לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. אַ פּאַוזע. זאָגט שטיל): ס'איז איינפאַך אוממעגלאך אָנצוהויבן. ס'איז ווי אַ שפּרונג אין דער פּוסטקייט. ס'וואָלט לייכטער געווען ווען עס זאָל ווער שטעלן פראַגן. (אַ קליינע פּאַוזע.) איך טראַכט, אז כ'האָב אָף מיין געוויסן אַ גאַנץ פּיין ביסל שמוץ (פאַרענדיקט גיך.) פּונקט ווי יעדער איינער. איך געדענק, צום ביישפּיל (שווייגט אַ ווײַלע), אָט דאָ ניט לאַנג איז פאָרגעקומען אזא געשיכטע (שווייגט אַ ווײַלע), כ'בין געגאַנגען פאַרנאַכט אין גאַס און, ווי איך גיי עס



אַזוי, זע איך. (שווייגט אַ ווײַלע.) ס'איז געווען ניט ווייט פון מיין הויז. כ'האָב פּלוצלינג דערזען אַפּ'ן ראָג שטייט אַ (שווייגט אַ ווײַלע, זאָגט אַנטשלאָסן.) ס'איז אוממעגלאך צו ריידן — עפּעס שטיקט אינוויייניק און לאָזט ניט ארויסזאָגן וואָס מען וויל (פאַרנעמט די פריערדיקע פּאָזע, פאַרמאַכט די אויגן).

סאַמואיל (גיט דריי קלעפּ מיט'ן שטעקן, עפנט די אויגן, שטייט אויף): איר קענט אַלע עפענען די אויגן: דער עקספּערימענט האָט זיך שוין געענדיקט. (צו עטלען): איר זייט ניט מחויב צו ריידן, ווען אַלע האָבן געשוויגן (אַלע שטייען אויף, באַוועגן זיך נערוועז). ווי איר זעט, עס טוט זיך ניט אַזוי לייכט, ווי עס דאַכט זיך.

אַלבערט: יאָ, ניט געלונגען!

ראַווין: איך האָב אַ סך געוואָלט זאָגן, האָט מיך אָבער ווער ביים האַלז געשטיקט.

טאַסיאַ (לאַכט): איך פיל, ווי אַ שווערקייט וואָלט מיר פון הארצן אַראָפּ.

עטעל (שמייכלט): און איך בין געזעסן גאַנץ גלייכגילטיק: דאָרטן וואו אַלע וועלן זאָגן דעם אמת, פאַרוואָס זאָל איך מורא האָבן מער פון אנדערע?

טאַסיאַ (לייכט אירנאָיש): דו מיינסט עס ערנסט?

עטעל: איך שפּאָס ניט. (צו אַלעמען): איר וועט מיר גלייבן? עס טוט מיר לייד, וואָס אונזער פּרואוו איז ניט געלונגען: כ'האָב געהאַט אַ געפיל, אַז ווען מיר וואַרפן איינמאָל פאַר אַלעמאָל ארויס דאָס ניט שיינע, וואָס שפּינט זיך ארום אונזערע הערצער, וואָלט עס שוין צוריק מער ניט געקומען.

ראַווין: איך גלייב אויך אַזוי.

טאַסיאַ (הייבט מיט די פּלייצעס צו עטלען): ניט אַנדערש, ביסט שיכור.

אַלבערט (צו סאַמואיל'ן): איך רעכן, מיר דאַרפן מאַכן אַ צווייטן עקספּערימענט.

סאַמואיל (לאַכט): מענטשן זוכן זיך צרות.

טאסיא (אומצופרידן): נארישקייטן. מען דארף ניט מער.

ראווין (שפאסט): טאסילע, דאכט זיך, אז איר פילט זיך זינדיק און האט מורא פאר עפעס. (לאכט): אבער איך פארזיכער דיך, אז קיין בייז וועט צווישן אונז ניט געשען. איך בין דיך אף פריער מוחל.

טאסיא (לאכט): אה, דריי ניט קיין קאפ. ווער דארף דיין מחילה.

סאמואיל: ציינן די נאקעטע נשמה איז פונקט ווי גיין צום טויט. מען דארף פריער בעטן מחילה איינער בא צווייטן.

אלבערט: מיר האבן דעם באשלוס נאך פריער אנגענומען. וואס וויכטיק איז, עס זאלן פארניכטעט ווערן אייניקע שטערונגען, וועלכע לאזן איינפאך דער נשמה זיך ניט עפנען. כ'האב דא פריער געפילט, ווי כ'קריך שוין ארויס פונ'ם שקר־מאנטל. געדאנקען האבן זיך געריסן פונ'ם מויל. עפעס איז אבער אין וועג געשטאנען און ניט געלאזט.

טאסיא (לאכט): עטוואס ענלאכעס איז אויך מיט מיר געווען.

עטעל (לאכט נערוועז): א וואונדערבארע זאך: אף וויפיל פריער האט זיך מיר ניט געוואלט, מען זאל די גאנצע געשיכטע אנהייבן, אף אזוי פיל גלוסט זיך מיר איצט זי פארטצוזעצן.

ראווין: לאמיר גלייך מאכן נאך א פרואוו. (צו סאמואיל'ן) אבער זייט אביסל מעהר געדולדיק מיט'ן קלאפן. איר מוזט געבן א לענגערע מעגליכקייט יעדן איינעם צו אונטערדריקן דעם געפיל פון מורא, וועלכעס שטייט דעם אמת אין האלז.

סאמואיל (טראכט א ווײַלע): גוט, מיר וועלן נאכאמאל פרואוון, אבער געדענקט, אויב ס'וועט געלינגען, מוז יעדער



באליידיקטער געפיל גלייך אונטערדריקט ווערן, ביז אלץ וועט זיך בארואיקן.

עטעל: מיר נעמען עס אלע אן! (אלע בייגן צו איינשטימיק מיט די קעפ).

טאסיא (צו עטלען): האסט צופיל געטרונקען.

עטעל: מעגלאך.

סאמואיל: גוט. מיר וועלן נאכאמאל פרואוון, און ווי אלץ ווייזט אויס, וועט עס אונז איצט מער געלינגען, ווי דעם ערשטן מאל. מיר וועלן זיך אויסזעצן פונקט ווי פריער, וועלן מאכן פינסטער, און דאס, וואס איינער וועט ניט זען דעם צווייטנס פנים, וועט פיל ארויסהעלפן.

ראווין: א גוטער געדאנק. אין דער פינסטער רעדט זיך לייכטער.

עטעל: דאס איז אמת.

אלבערט: אן צווייפל.

טאסיט: אלע ליבעס־ערקלערונגען קומען פאר אין דער פינסטער.

ראווין: מיר'ן אויך פארשפארן צו האלטן די אויגן צוגעמאכט.

אלבערט: אבער איידער וואס וועלן מיר כאפן צו גלעזלאך. (דערלאנגט יעדן א גלאז וויין).

אלע: אויסגעצייכנט! גוט! גוט!

(טרינקען אויס דעם וויין. ער נעמט צונויף די גלעזער).

עטעל: איך וועל שפעטער אליין אוועקשטעלן די גלאז. כ'וויל טרינקען לאנגזאם.

אלבערט: גוט. (שטעלט אוועק די גלעזער).

(אלע זעצן זיך אויס אף די פריערדיקע פלעצער).

סאמואיל: איך וועל אנהויבן דער ערשטער ארויסצוזאגן אפן מיינע געדאנקען. (ווייזט אפ'ן וואנט־זייגער): איצט איז צוואנציק מינוטן צו צוועלף. באלד לעש איך אויס די ליכט. עטליכע מינוטן וועלן מיר זיצן און שווייגן, און זאל

יעדער איינער טראַכטן באַ זיך, אַז די צונג איז ניט נאָר גענעבן געוואָרן צו באַהאַלטן די געדאַנקען, נאָר אַמאָל מוז זי אויך זיי אויסדריקן אין זייער גאַנצער נאַקעטקייט. גלייך, ווי דער זייגער וועט שלאָגן צוועלף, מאַך איך ליכטיק, און געדענקט, אַז אַלץ, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, מוז גלייך פאַרגעסן ווערן און טאָר, יעדנפאַלס, ניט דערמאָנט ווערן. (אַלע בייגן אָן די קעפּ. ער קוקט זיי אָן אַ ווײַלע.) געדענקט, בלויז דער אמת מוז געזאָגט ווערן! (לעשט אויס די ליכט): בלויז דער אמת!

(אַ לאַנגע פּויזע. סאַמואיל גיט דריי שטילע קלעפּ. אַ פּויזע.)

סאַמואיל (רעדט לאַנגזאַם, דייטלאַך, מיט אַ געוויסער אָנשטרענגונג, פּונקט ווי ער וואָלט געצוואונגען געווען צו ריידן. אַלע איבעריקע ריידע אין דעם זעלבן טאָן): ווי קומט עס, עטעל, וואָס האָסט אויסגעקליבן אַלבערט'ן פאַר אַ מאַן? ער איז צו פלאַך פאַר דיר.

עטעל (נאָך אַ פּאַוזע): ס'איז קיין... בעסערער ניט געווען. דו האָסט מיך אויסגענוצט, אָפּגענאַרט און ביסט אַוועק. ווי לאַנג האָב איך געקענט וואַרטן?

טאַסיאַ: בלויז פלאַכקייט האָט געקענט פאַרגלעטן דעם אָפּגרונט, וועלכן דו האָסט אין איר נשמה געמאַכט.

סאַמואיל (זיפצט): איך גיב צו. כ'האָב זייער מיאוס קעגן איר געהאַנדלט.

טאַסיאַ (זיפצט): און אויך קעגן מיר... נאָך פאַר איר.

סאַמואיל: אמת. נאָך אַלעמען בין איך אַ גאַנץ נישטיק, פּאַסקודנע מענטשל. איך פיל אָפּט, ווי זיך אַליין אין פּנים אָנשפּייען.

עטעל: דו קענסט זיך אָבער אויסערגעוויינלאַך קונציק דעקאָרירן אין שיינע שמאַטעס.

טאַסיאַ: און דאָך, עטעל, ליבסטו אים נאָך איצט אויך.

עטעל (נאָך אַ קליינער פּאַוזע): יאָ.



סאַמואיל: אַלע זיינען מיר אַקטיאָרן, ליגנערס.

(אַ פּויזע).

טאַסיאַ: נו און מיין מאַן, סאַמואיל, ווי געפעלט דיר?

סאַמואיל: ער איז נאָך פלאַכער פון אַלבערט'ן.

טאַסיאַ: ער איז אָבער בעסער און איינפאַכער. מיט אים בין איך רואיקער און זיכערער. זיין איינציקער חסרון — וואָס ער פאַרדינט ווייניק. איך וועל אָבער איצט שוין ניט זוכן קיין אַנדערע גליקן, סיידן זיי וועלן קומען צו מיר. אַלבערט פאַרדינט אַ סך געלט. עטלען פעלט בלויז קאָפּ־ווייטיק. איך פאַרגין איר אָפּט ניט.

ראָווין: איך אויך.

(אַ קליינע פּאַוזע).

אַלבערט: פריינט סאַמואיל, איך פיל ווי צו נעמען אַ שטול און אייך דעם קאָפּ צעפּלעטן.

ראָווין: איך וואָלט עס אויך מיט פאַרגעניגן געטאָן, שטייט מיר אָבער אין וועג דאָס גאָסן־מיידל, מיט וועלכער כ'האָב אייערנעכטן פאַרבראַכט עטלאַכע שטונדן אין אַ האָטעל.

טאַסיאַ: ווי פיינלאַך אָט דער פאַקט וואָלט געווען פאַר מיר, ווען איך אַליין וואָלט פון צייט צו צייט ניט געפילט אַ באַגער נאָך אַ צווייטן מאַן. ווען דו, סאַמואיל, האָסט מיר געלאָזט וויסן, אַז דו קומסט, האָב איך אויפגעלעבט און באַשלאָסן זיך ניט צו ווערן, אויב דו וועסט צושטיין מיט לאַסקעס.

אַלבערט: גאָט מיינער, אַלע זיינען מיר אַזעלכע קליינינקע. עס עקלט מיך פון זיך אַליין. כ'וויל זיך דערמאָנען, וויפיל גאַסן־מיידלאַך און אַזוי פרויען כ'האָב אין מיין לעבן איבערגעהאַט, און קען ניט.

סאַמואיל: ווען כ'בין געפאָרן אַהער, האָב איך געטראַכט, צי ס'וועט מיר געלינגען צו קריגן עטלען אויף דער צייט, וואָס כ'וועל זיך דאָ אין שטאָט געפינען.

עטעל: כ'האָב אויך וועגן דעם געטראַכט. כ'צווייפל אָבער, צי ס'וואָלט געשען: כ'בין אַ צו גרויסער פיינלינג און

וואָלט ניט געוואָלט ריזיקירן מיט'ן אויפגעבויטן שטיקל גליק. און ווייטער... ווער ווייסט? מעגלאך, אז יאָ.

טאַסיאַ: און איך האָב צוויי באַקאַנטע בחורים, וועלכע איך דערלויב מיך ארומצונעמען און קושן.

ראַווין: איך פארגין ניט אַלעברט'ן אַזאַ קלוגע און שיינע פרוי, ווי עטעל.

עטעל: און איך האָב אייך פיינט, ראַווין. ווען איר קומט צו מיר, רעדט איר שטענדיק וועגן הויכע ענינים.

ראַווין: ווייל איר געפעלט מיר צו שטאַרק. איר שטייט פיל העכער פון טאַסיאַ'ן.

טאַסיאַ: זי איז אָבער פיל פארביסענער פון מיר.

עטעל: דו ביסט אָבער ליגנערישער.

טאַסיאַ: איך גיב עס צו.

עטעל: איך פיל זיך איצט פונקט ווי איך וואָלט אַ נאַקעטע אין מיטן מאַרק געשטאַנען, און מענטשן שטייען אַרום און קוקן אַף מיר.

אַלבערט: מיר דאַכט זיך, אַז איך בין צוזאַמען מיט דער גאַנצער וועלט ערגעץ־וואו אַראָפּגעזונקען.

סאַמואיל: אַ פיינלאַכער געדאַנק איז מיר דאָ נאָר־וואָס דורכגעלאָפן: מעגלאך, אַז מיין פרוי זיצט איצט ערגעץ־וואו אין פארק אַרומגענומען מיט אַ בחור און קושט זיך.

אַלבערט: גאַנץ מעגלאך. די נאַטור וועט שוין זאָרגן, אַז איר זאָלט האָבן אונזער סוף.

ראַווין: ווי שרעקלאך! אַזאַ גרויסע, ליכטיקע וועלט און אַזעלכע קליינינקע, טונקעלע נשמ'קעלאך.

עטעל (זיפצט): עס קען ניט זיין. עס מוזן וואו עקזיסטירן גוטע, ערלאַכע מענטשן. מיר זיינען פארפלאַנטערט, ווייסן ניט, ווי אַזוי צו לעבן; מיר זיינען איבערפילט מיט פאַלשע באַגריפן וועגן גוטס און שלעכטס, וועגן אמת און שקר.

ראַווין (זיפצט הויך און שווער): מיר בלאָרזשען אין דער פינסטער.



(אַ קליינע פּאַוזע).

אַלבערט: אַך, מיט וואָס פאַר אַ פארגעניגן, סאַמואיל, איך וואָלט צעקלאַפּט אייער עקלהאַפטיקע מאָרדע!

(אַ פּאַוזע).

טאַסיאַ (שרייט אויס): גענוג! מאַכט שוין ליכטיק!

עטעל: איך ווער דערשטיקט!

ראַווין: יאָ. שווער איז דער אמת. אומדערטרעגלאך שווער!

אַלבערט: וואָס איז דער אונטערשייד? אַלץ מוז סיי ווי ניין צום טייוול!

(אַ קליינע פּויזע. עס הערט זיך אַ קלאַנג פון אַ צעבראָכענער גלאָז. דער זייגער קלינגט 12 מאָל. עס ווערט ליכטיק. אַלע גיבן זיך אַ כאַפּ מיט די הענט צו די אויגן. אַלע שמייכלען פארלעגן, געמאַכט, מיידן אויס צו קוקן איינער אַפ'ן צווייטן.)

סאַמואיל (הייבט זיך אויף): אַזוי? איז עס, הייסט עס, אונז יאָ געלונגען אביסל? (גייט איבער'ן צימער. וואַרפט אַף די אַרומיקע פאַרשנדיקע בליקן. שמייכלט שפּאָטיש).

עטעל (הייבט זיך האַסטיק אויף): אָה, גאָט מיינער, וואָס זיצן מיר? קיינער האָט נאָך קיין פרוכט ניט געגעסן. (אַלע הייבן זיך אויף). אנו, זייט אַזוי גוט און העלפט מיר דעם טיש אַף זיין פּלאַץ אַוועקשטעלן. (ראַווין און טאַסיאַ העלפן איר.) נו, איצט זעצט זיך און עסט אביסל פרוכט.

טאַסיאַ (נעמט אַן עפּל. לאַכט געמאַכט): מיר האָבן שוין געהאַט איבערגענוג.

ראַווין (לאַכט שפּאָטיש): מיר וועלן אַ לאַנגע צייט, דאַכט זיך, שוין ניט קענען עסן.

אַלבערט (וואַרפט אַ שווערן בליק אַף סאַמואיל'ן): יאָ.

עטעל (צווינגט זיך): נו, ראַווין, אַלבערט, זעצט זיך אַף אייערע פּלעצער. אפשר מאַכן טיי?

(אַלבערט גייט איבער'ן צימער. ראַווין זעצט זיך.)

סאַמואיל (אַנטשלאָסן): נו, פריינט, זייט מיר געזונט,

איך מוז גלייך גיין.

ראַווין (קאַלט): איר האָט דאָך היינט געוואָלט בא אונז נעכטיקן.

טאַסיאַ (שוואַך): איר ווייסט דאָך, מיר האָבן אַ לייי־דיקן צימער.

סאַמואיל: ניין, איך דאַנק אייך. כ׳מוז נאָך היינט וועמען זען. אַ גוטע נאַכט. און פאַרגעסט אָן אַלץ! (גייט אַרויס).

(עטעל און טאַסיאַ גיבן אַ לייכטן שאָקל מיט די קעפּ. אַלבערט קוקט אים נאָך מיט אַ שווערן בליק. ראַווין קוקט אַפ׳ן זייגער. אַ קליינע פּאַוזע).

ראַווין (זאָגט געמאַכט ליבלאַך): ווייסט, טאַסיאַ, ס׳איז שוין האַלב נאָך צוועלף.

טאַסיאַ (הייבט זיך אויף): האַ, ווי שפּעט! שוין טאַקע צייט צו גיין (גייט צו, נעמט אַרום עטלען): נו, עטעלע, אַ גוטע נאַכט. מיר וועלן זיך מאָרגן טרעפן בא דער פאַרזאַמלונג.

עטעל (שמייכלט): כ׳האָף אַזוי.

טאַסיאַ (גייט צו צו אַלבערט׳ן, נעמט אים שטיפעריש אונ־טער׳ן אָרעם, לאַכט): אָה, וואָס פאַר אַ שרעקלאַך פּנים איר האָט געמאַכט! דער הימל איז נאָך דערווייל ניט איינגעפאַלן. מאַכט זיך ניט נאַריש! אַ גוטע נאַכט און גערענקט אונזער אָפּמאַך.

אַלבערט: גוט, גוט. אַ גוטע נאַכט.

ראַווין (פון ווייטנס): שפּיי זיך אויס אָף אַלץ, אַל־בערט! אַ גוטע נאַכט. (צו עטלען): אַ גוטע נאַכט, עטעל, עס איז ניט מער, ווי אַ בייזער חלום געווען.

אַלבערט: אַ גוטע נאַכט.

עטעל: אַ גוטע נאַכט.

(טאַסיאַ און ראַווין גייען אַרויס. עטעל שטייט פאַרטראַכט נעבן טיש.)

אַלבערט (שפּאַנט איבער׳ן צימער. אַ פּויזע. ער בלייבט שטיין



אין מיטן צימער, קוקט אָף עטלען אַ ווײַלע, ווײַל עפּעס זאָגן, קעמפט מיט זיך, גייט ווידער איבער׳ן צימער. בלייבט שטיין נעבן טיר, זאָגט שטיל): כ׳וועל זיך דורכגיין אַביסל. דער מח פּלאַצט. (וואַרפט אַ בליק אָף איר, גייט אַרויס).

עטעל (שטייט באַוועגלאָז באַם טיש, לאָזט זיך אַראָפּ אָף אַ שטול און בויגט לאַנגזאַם טיף אָן דעם קאָפּ. אַ פּויזע).

(פאָרהאַנג).

פּערזאָנען:

ריווא
נחום
ראָשעל
איוב
שרה, ריוואָ'ס מוטער
משה, דער מילנער
פּאָשקאָ
ליובקא
שלאָפלאָזיקייט

שלאָפלאָזיקייט ערשיינט אין געשטאַלט פון אַ מיטל־יעריקער פרוי. דאָס פּנים געל, אַ שאַרפע נאָז, די האָר צעפלאָסן, דער בליק צעשטריימט. זי טראָגט אַ שוואַרצן, לאַנגן, געדיכט־געפאַלדעטן מאַנטל, באַוועגט זיך לאַנגזאַם, שטיל. איר קול איז מאַט, באַרואיקענדיק און דורכגעזאַפּט מיט איראָניע.

אַ קליינער שלאָפצימער מיט גרין־געפאַרבטע ווענט. אין דער רעכטער וואַנט אַ טיר, אין דער מיטלסטער — אַ פענסטער, נעבן וועלכן עס שטייט אַ שמאָל ווייס בעטל, עטוואָס אָפּגערוקט פון דער וואַנט. נעבן בעטל אַ קליין קײַלאַכדיק טישל מיט אַ ביינקל. אַפ׳ן טישל ליגן עטלאַכע ביכער, און אין אַ גלאָז מיט וואַסער שטעקן צוויי רויזן. נעבן דער רעכטער וואַנט — אַ צוגעדעקטער קאַסטן.

ביינאַכט. דאָס עלעקטרישע לעמפּל ברענט אין מיטן צימער. ריוואַ ליגט אָן אויסגעטאָנענע אין בעט, אָנגעשפּאַרט אַף איין האַנט און קוקט אָנ־געשטרענגט־פאַרטראַכט פאַר זיך. אַ פּאַוזע. זי גיט אַ דריק דאָס עלעק־טרישע קנעפּל אַפ׳ן וואַנט נעבן זיך. אין צימער ווערט האַלב־טונקל.

ש ל אָ פ ל אָ ז י ק י י ט (דערשיינט פונ׳ם ווינקל רעכטס. שטייט אַ ווײַלע. לאַכט. גייט לאַנגזאַם צו צו ריוואַ׳ן, שפּאַנט צוויי מאָל אַרום דאָס בעטל, בלייבט שטיין בײַ איר צוקאָפּנס): אָט בין איך ווידער צו דיר געקומען, ריוואַ. איך, דיין נאַכט־פריינט, דיין שלאָפלאָזיקייט. ביז גאַנץ פרי וועל איך אויך היינט מיט דיר פאַרבלייבן. מענטשן האָבן מורא פאַר מיר. נאַראָנים! זייער לעבן איז פונקט אַזוי קורץ ווי זייער פאַרשטאַנד. איין דריטל פון זייערע יאָרן פאַרשלאָפן זיי, איין דריטל פאַרשקלאָפן זיי און איין דריטל גייט גלאַט אַוועק אָן פאַרגעניגן. מענטשן

דארפן מיר דאנקבאר זיין: איך פארלענגער זייער וואכן, צי אוים די קייט פון זייער עקזיסטענץ, ברענג די פארגאנגענהייט צו זייערע בעטן, דערמאן זיי אן דער געגנווארט, דערצייל זיי אפט וועגן זייער צוקונפט. (לאכט). מען האט פאר מיר מורא, פונקט ווי ליגן אפ'ן געלעגער באוועגלאז ווי א שטיין, א דריטל פון זייער לעבן, איז בעסער ווי צו וואכן מיט מיר. נארישע מענטשן־קינדער. (זעצט זיך צוקאפנס נעבן ריווא'ן). דו, ריווא, דארפסט לחלוטין ניט מורא האבן פאר מיר: איז דען ניט דיין וואכן ביינאכט, ווי פיינלאך ס'זאל ניט זיין, ניט אינטערעסאנטער פון דיין גרויען טאג־טעגלאכן לעבן? וואס גיט דיר דער לאנגער טאג א חוץ שקלאפעריי אין דער פאבריק, א חוץ דעם וויי פון צוזען פרעמדעס גליק, א חוץ דעם פיינלאכן באוואוסטזיין, אז דאס לעבן האט דיך פארזען, דיך פארטיילט? דיינע באקאנטע, דיינע פריינדינס צעגייען זיך: יעדע געפינט זיך איר שטיקל גליק, בויט זיך אויף א נעסט. דו בלייבסט אליין. אט האט שוין דיין נאענטסטער פריינט ראשעל אויך עפעס אין לעבן געפונען. זי ליבט און איז געליבט. יעדער אבר אין איר זינגט און פלאטערט פון גליק. געדענקסט ווי גענוי זי האט דיר געמאלן דאס בילד, ווי אזוי איר אייב האט זיך איר אין ליבע דערקלערט? מיט איר גליק־פארגאסענעם מח האט זי אפילו ניט אנגעהויבן צו באגרייפן ווי טיף איר יעדער ווארט פייניקט דיך. גליקלאכע מענטשן זיינען שטענדיק אביסל נארישלאך. געדענקסט? (רעכטס פאנגט לאנגזאם אן ליכטיקער צו ווערן). צווערשט האט זי געווארט אף אים אין פארק. דערנאך זיך צוגעזעצט אף א באנק. (אין דער האלב־ליכטיקייט רעכטס אנטפלעקט זיך א פארק. אין פאדער־גרונט אף א באנק זיצט ראשעל מיט א צייטונג אין האנט. זי קוקט זיך אלץ ארום. פרואווט לעזן, קוקט אפ'ן זייגערל, הויבט זיך א פאר מאל אויף און קוקט איבער די קוסטן צום וועג. מיט אמאל זעצט זי זיך אף דער באנק און פארטיפט זיך אין דער צייטונג. א קליינע פאוזע. אייב קומט שנעל אן פון רעכטס.)



אייב: איר וועט מיר אנטשולדיקן, ראשעל. דער באלע־באס האט מיך פארהאלטן אין שאפ.

ראשעל: עס מאכט ניט: כ'האב זיך פארלעזן מיט אן אינטערעסאנטן ארטיקל.

אייב (זעצט זיך): שוין די צווייטע וואך, אז כ'וויל ריידן מיט אים און ער דרייט זיך אלץ אוים. היינט איז ער מיט עפעס פארנומען, מארגן דארף ער אוועקפארן, איבערמארגן האט ער גלאט קיין צייט ניט. כ'זע ס'איז גאר אן א סוף. האב איך אים היינט צוגעשפארט צו דער וואנט: אדער, ברודערקע, גיב א גוטן רייז, אדער כ'קום מארגן ניט צו דער ארבעט.

ראשעל: נו, און וואס?

אייב (אויפגעלייגט): וואס זאל איך אייך דערציילן? איר ווייסט דאך שוין אליין די בעלי־בתים'ס טענות, ווען מען פאדערט בא זיי א רייז. זיי דערלייגן שטענדיק דעם קאפ, האלטן די פאבריק בלויז אלס רחמנות, מיר ארבעטער זאלן קענען א לעבן מאכן.

ראשעל (לאכט): הלואי וואלט איך זיי שוין אזוי ניט געקענט ווי כ'קען זיי. אבער וואס איז געווען דער שלום?

אייב: פינף דאלאר אף דער וואך ארויסגעריסן.

ראשעל: בראווא! א פיינע העכערונג.

אייב: ער האט געמיינט אייביק וועל איך אים אר־בעטן פאר 30 דאלאר א וואך.

ראשעל (לאכט): וואס פאר א גביר איר וועט שוין איצט ווערן!

אייב (קוקט אף איר א ווײלע, גיט א זיפץ): איר פאר־שטייט, ראשעל, איצט, ווען ס'איז שוין יא אזוי, וואלט איך געוואלט וועגן עפעס מיט אייך איבערעדן.

ראשעל (ווארפט אף אים א שנעלן בליק, קערט עטוואס אפ דעם קאפ): יא? וועגן וואס?

אייב (שווייגט א ווײלע, גייט איבער מיט דער האנט איבער'ן געזיכט): שוין דריי מאנאטן, אז מיר טרעפן זיך און

דאָס, וואָס כ׳וויל אייך איצט זאָגן, האָב איך דערפילט נאָך דעם ערשטן אָוונט, גלייך ווי מען האָט אונז באַקאַנט. (שווייגט אַ ווײַלע.) כ׳ווייס ניט, מעגלאך מיינע רייד איצט זיינען נאַרישע, אָבער... כ״מוז אייך זאָגן, אַז נאָך דאַן האָב איך גלייך דערפילט, אַז קיין מיידל איז מיר נאָך אין מיין גאַנצן לעבן ניט טייער געווען אַזוי ווי איר.

ר אַ ש ע ל (לאָזט טיפער אַראָפּ דעם קאָפּ, שליסט צו די אויגן).

א י י ב (בויגט זיך צו נענטער): ביינאַכט, ווען כ׳האָב אייך דאַן אַהיים געפירט, האָב איך געפילט ווי עס אייך שוין צו זאָגן. כ׳האָב זיך אָבער צוריקגעהאַלטן: ווי קען מען עפּעס אַזוי שנעל? מיר מוזן זיך צוערשט אַ ביסל מער דערקענען. אָבער (מיט אַ ציטער אין קול) איצט, ראַשעל, קען איך מיט זיכערקייט זאָגן, אַז כ׳האָב אייך ליב. וואָס קענט איר מיר אָף דעם ענטפערן?

ר אַ ש ע ל (זיצט מיט צוגעמאַכטע אויגן. אַ ציטער לויפט דורך איבער איר לייב).

א י י ב (נעמט זי ליַיכט אַרום): פאַרוואָס שווייגט איר?

ר אַ ש ע ל (גיט זיך מיט אַמאָל אַ דריי אויס צו אים): נאַרישער בחור, פאַרשטייט איר עס דען אַליין ניט? (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ אָף זיין אַקסל).

א י י ב (דריקט זי צו צו זיך, פאַלט צו מיט די ליפּן צו איר קאָפּ. אַ קליינע פּאַוזע. ער פּרואווט אויפהויבן איר קאָפּ): ראַשעל, טייערע, כ׳בעט אייך, גיט איין קוק צו מיר! מיר דאַכט זיך, אַז כ׳האָב אייך שוין זייער לאַנג ניט געזען.

ר אַ ש ע ל (הויבט אויף דעם קאָפּ, קוקט אָף אייב׳ן, לאַכט שטיל, ווישנדיק די טרערן).

א י י ב (גערירט): איר לאַכט און וויינט. גאָט, איך וועל, דאַכט זיך, פון זינען אַראָפּ. (קוקט זיך אַרום) עפּעס פיל איך, ווי דעם פּאַרק איבערצוקערן, ווי אָף אַ בוים אַרויפקלעטערן און זיך אַרונטערוואַרפן, ווי.. (גיט איר אַ נעם מיט ביידע הענט פאַר׳ן קאָפּ און פאַלט צו מיט די ליפּן צו איר מויל. אַ ווײַלע



קעמפט זי מיט אים, בלייבט ענדלאך באַוועגלאָז. אַ פּאַוזע. אַ פּילקע קייקלט זיך צו צו זייער באַנק. באַלד לויפט אָן אַ קליין מיידעלע, הויבט אויף די פּילקע און באַטראַכט דאָס פּאָרל נייגעריק־שעלמיש.)

ד אָ ס  מ י י ד ע ל ע (דרייט אויס דעם קאָפּ אָף צוריק, רופט מיט דער האַנט, שרייט): קינדער, קומט אַהער: אַ אינגל קושט אַ מיידל!

(אייב און ראַשעל רוקן זיך אָפּ איינער פונ׳ם צווייטן, דרייען אויס די קעפּ, דערזעען דאָס מיידעלע, קוקן זיך איבער, צעלאַכן זיך.)

ד אָ ס  מ י י ד ע ל ע (פאַרדעקט דאָס מויל מיט איין האַנט, שיסט אויס אין אַ געלעכטער, אַנטלויפט. פון וויטנס הערט זיך איר קול): קינדער, איך לויף נאָך דער פּילקע, זע איך ווי אַ אינגל מיט אַ מיידל זיצן אָף אַ באַנק און קושן זיך. (אַן אויפרויס פון קלינגענדיקן געלעכטער).

א י י ב (נעמט ראַשעל׳ס האַנט): מיר האָבן גאָרניט געהערט, ווי זי איז צוגעקומען. (לאַכט) שטאַרק באַשעפטיקט געווען.

ר אַ ש ע ל (שטיפט): אַזוי איז שוין, ווען מען הויבט מיט אייך, בחורים, אָן. ס׳איז דאָך אַ בושה.

א י י ב (נעמט זי אַרום): ראַשעל, טייערע, וואָס גייט עס אונז איצט אָן? (זי שפּאַרט צו דעם קאָפּ צו זיין אַקסל.) אונזער גליק איז געקומען און קלאַפּט אין אונזערע טירן: „עפנט אויף!‟ (עס פאַנגט אָן טונקלען) און מיר וועלן ברייט עפענען אונזערע הערצער און נשמות און זיי אָנפילן מיט ליבע און פרייד! אונזער גליק איז געקומען, ראַשעל, אונזער גליק! (עס ווערט פינצטער).

ש ל אָ פ ל אָ ז י ק י י ט: ראַשעל האָט שוין איצט איר גליק געפונען: אייב איז אַן איינפאַכער, אָבער אַ פיינער בחור, ליבט זי שטאַרק. זי איז די לעצטע פון דיינע פריינדינס, ריוואַ, די לעצטע. אַלע האָבן זיי שוין עפּעס אין לעבן געפונען. דו אַליין בלאָנדזשעסט נאָך אַלץ אַרום און זוכסט. איינע אַליין. וואו איז דיין גליק? אָף וואָס פאַר אַ וועגן און שטעגן בלאָנ־

דזשעט עס ארום? ווער ווייסט? אפשר וועט עס דיך גאר קיין מאל נים געפינען? אפשר האט עס א טעות געהאט: זיך מיט א פרעמדן לעבן פארבונדן אוןביידע אפגענארטע גייען זיי איצט אוים פון בייזקעניש און פיין? פאראיארן, געדיינקסט, ריווא? א העלער שיין האט זיך אריינגעריסן אין דיינע גרוי־לויפנדיקע טעג. האסט געמיינט. זיך דערפרייט. אפשר איז ענדלאך אויך דיין שעה געקומען? געדענקסט? ווי אצינד בין איך דאן נעבן דיין בעט א גאנצע נאכט געזעסן, און דו האסט שטיל געוויינט. ווי טוי אף פארטריקנטע גראז, אזוי זיינען דאן דיינע טרערן אף דיין פארבייינקטן הארץ געפאלן. (זיפצט). ס'איז אבער פון דעם גארנים געווארן. גארנים. מעגלאך, ביסט באגאנגען אן עולה קעגן זיך, וואס האסט זיך אפגעזאגט פון דעם שטיקעלע גליק, וואס נחום האט דיר געוואלט געבן. ווער ווייסט? ס'איז דאך פארט בעסער אביסל, איידער גאר־נים. און אפשר וואלט ער זיך אזוי צוגעוואוינט צו דיר, אז ער וואלט שוין נאכדעם אליין נים געוואלט אוועקגיין? ווי לאנג קען א מאן לויפן פון איין פרוי צו א צווייטער?

ריווא (לעגט זיך האסטיק איבער פון איין זייט אף דער צווייטער. דאס בעטל קרעכצט אונטער איר. א קליינע פאוזע. דער וואנט־זייגער קלינגט איינס).

שלאפלאזיקייט: ווער ווייסט? אמת, ער איז גע־ווען א צולאזענער בחור, אבער דער סוף פון אלע אזעלכע העלדן איז דאך איינער און דערזעלבער: מען פארבייינקט זיך נאך א היים, נאך אן אייגן ווייב, נאך א קינד, און מען האט חתונה. האסט אים נים באדארפט אפשטויסן פון זיך, ריווא. דאס גאנצע לעבן איז א שפיל, און נים איינשטעלנדיק קען מען קיין מאל נים געווינען. צוליב וועמען באהאלטסטו זיך? ווער דארף דיין מיידלשאפט, די ריינקייט פון דיין לייב? האסט אים נים געדארפט אפשטויסן. (לינקס ווערט ביסלאכווייז ליכ־טיק. עס אנטפלעקט זיך א פארק, ריווא און נחום זיצן אף'ן גראז. די קוקט פארטראכט פאר זיך, ער הזימערט.)



נחום: יא, ריווא, אזוי איז דאס. איך גיב צו, כ'בין נים גוט, אבער איך באהאלט זיך נים אזוי ווי אנדערע. כ'בין אפנהערציק. איר געפעלט מיר זייער, און אפשר האב איך אייך טאקע ליב. ווער ווייסט? כ'וואלט מיט פארגעניגן געדונגען א צימער פאר אונז. אבער... הייראטן, נעמען אף זיך פליכטן, אויסהאלטן א הויז, קארמענען קינדער? דאס נים! אזא גליק אף אנדערע געזאגט געווארן.

ריווא (שמייכלט ביטער): נחום, איר מאלט דאס בילד אין צו שווארצע פארבן. א אייגענע היים צו האבן איז א גאנץ גוטע זאך און אף אויפצוהאלטן זי בין איך א גלייכער שותף. קינדער האבן איז דערווייל נאך אויך קיין נויטווענדיקייט נים. צי אפשר זיינט איר גאר א נאכפאלגער פון פלאטא?

נחום (לאכט): גאט באהיט! אזוי טיף בין איך נאך נים געזונקען.

ריווא: אויב אזוי, איז די זאך מער ווי איינפאך: אייך ווילט זיך, פשוט גערעדט, א פריש פלעצל. אפלעבן מיט מיר עטלאכע מאנאטן, און נאכדעם וואס?

נחום: נאכדעם קענען מיר גאר שטארבן.

ריווא: לעצטע וואך האט איר זיך צוויי פאר שיך געקויפט: איין פאר טראגט איר, די צווייטע האט איר בא־האלטן אף שפעטער. צו וואס? איר קענט דאך נאך מארגן שטארבן?

נחום: דאס זיינט איר שוין גראדע נים גערעכט: א פאר שיך קויפן קען מען נים פארגלייכן צו גיין וואוינען מיט א פרוי.

ריווא (ביטער): זיכער נים: דאס ערשטע איז היינט פאר א סך מענער שווערער פונ'ם צווייטן.

נחום: איר רעדט פאראדאקסן: זיך באווארענען אף א שלעכטע צייט איז זיכער א גאנץ נארמאלער מענטשלאכער אינסטינקט.

ריווא (כאַפּט אים אונטער): גוט, גוט! פאַרוואָס־זשע לאַכט איר אַזוי אויס יענע פרויען, וואָס ווילן באַוואָרענען אַף שפּעטער זייער שטיקעלע גליק מיט דער הילף פון זייער יונגנט און שיינקייט? מיר גיבן צופיל דעם גאָט פון ליבע, מיר טראָגן זיך אויס אָפּט שנעלער פון אַ פּאָר גוטע שיך!

(פּאַוזע).

נחום (נעמט זי אָן פאַר דער האַנט): נו, ריוועלע, נענוג פילאָזאָפירט. שטימט איר צו צו מיין פּלאַן?

ריווא (שווייגט. קוקט פאַרטראַכט פאַר זיך).

נחום (נעמט זי לייכט ארום): מיר וועלן זיך דינגען אַ צימער אין אַ שיינעם געגנט אויסער'ן שטאָט און... שפּייט זיך אויס, וואָס די וועלט וועט זאָגן! זי טוט ערגערע זאַכן. (דריקט זיך צו איר, קוקט איר אין פּנים אריין) גייט עס?

ריווא (קוקט אַ ווײַלע אַף אים, שאָקלט מיט'ן קאָפּ אַף ניין): ניין, נחום, עס וועט ניט גיין.

נחום (רוקט זיך באַליידיקט אָפּ): איז ניט! וואָס קען מען טאָן? (פאַררויכערט).

ריווא (רעדט געבראָכן): איך וועל ניט לייקענען, איר געפעלט מיר זייער. אָבער גיין וואוינען מיט אייך אין אַ מעב־לירטן צימער, ווי איר זיינט מיט אַנדערע געגאַנגען? — דאָס ניט! און ניט דערפאַר, ווייל כ'האָב מורא וואָס לייטן וועלן זאָגן, נאָר ווייל כ'וויל זיך אליין ניט נאַרן. איך זוך אַ ביסעלע גליק, איין ביסעלע, אָבער ס'זאָל זיין שמעקנדיקס, צאַפּלדיקס, ס'זאָל מיך אינגאַנצן איבערפילן, מיך אָנצינדן און פאַרברענען, אָבער ס'זאָל דערביי קיין טראָפּן צווייפל ניט זיין. איך צאָל די פּרייז און וויל ניט ווערן גענאַרט. קענט איר עס מיר געבן? איר, דער מאָדערנער דאָן־זשואַן, וועלכער שפּאַנט ארום, ווי אַ בייזער גייסט, צווישן אונזערע איינזאַמע מיידלאַך, נוצט זיי אויס, ברעכט לאַכנדיק זייערע נשמות און קאָקעטירט דערביי מיט זיין צינישער אָפּנהערציקייט?!



נחום (שמייכלט ציניש): איך האָב גאָר ניט צו טאָן מיט פרויען־נשמות: מיך אינטערעסירן בלויז זייערע קערפּערס.

ריווא: דער פרוי'ס נשמה איז כמעט איינס מיט איר קערפּער. איר קענט קיין מאָל ניט נעמען קיין פרוי, ניט אויפ־הויבנדיק אָדער דערנידערנדיק זי דערביי.

נחום (קוקט איר אריין אין פּנים): איר זיינט אַ קלוגע מיידל, ריווא, דערפאַר טאַקע וויל איך אייך דערמאָנען, אַז די יאָרן לויפן שנעל און וואָס מען נעמט ניט פריער, האָט מען ניט שפּעטער.

ריווא (לאַכט ביטער): איר רייצט זיך מיט מיר? איך שטעל זיך פאָר, ווי אָפּט איר באַנוצט אָט די ווערטער. עס טוט מיר לייד, וואָס איצט וועלן זיי זייער „אויפקלערונגס"־ציל ניט דערגרייכן.

נחום (נעמט זי לייכט ארום): איר מיינט עס ערנסט? נו, און וואָס איז מכח אייערע געפילן צו מיר? אַזוי נישטיק זיינען זיי?

ריווא: כ'וועל בעסער מיין האַרץ מיט מיינע אייגענע פיס צוטרעטן איידער עס אונטער אייערע שמוציקע שטיוול צו וואַרפן!

(עס נעמט לאַנגזאַם פונקלען).

נחום (קוקט זי אָן פאַרוואונדערט): אַזוי גאָר?!

ריווא (ענטפערט ניט, קערט זיך אָפּ).

(עס ווערט פינסטער. אַ קליינע פּאַוזע.)

שלאָפלאָזיקייט: דענקסטו ניט, ריווא, אַז דו האָסט זיך דאָ באַנאַרישט? פונקט ווי דער סוף פון יעדן גנב איז די תליה, אַזוי איז אויך דער סוף פון יעדן פרויען־יעגער אַ געזעצלאַכע הייראַט או אַ קינדער־ווינגעלע. מען קען גאָר ניט וויסן... אפשר וואָלסטו געווען יענע גליקלאַכע? נו און אַזוי וואָס האָסטו? בייטאָג מאַטערנישן אין דער פאַבריק, דערנאָך לאַנגווייליקע וועטשערעס אין די קאַלטע, ביליקע רעסטאָראַנטן,

איינזאַמע אָוונטן און די נעכט פאַרברענגסטו מיט מיר. (לאַכט). דיין געזעלשאַפט איז מיר זייער אנגענעם און ווען דו קענסט זיך נאָר דערווייטערן אַ ביסל פון זיך אַליין, וואָלסטו אויך פון מיר געוועזן צופרידן. גליק איז נאָך אַלעמען געשאַפן פון דעם זעלבן שטאָף, וואָס אומגליק. מען ווערט מיד פון זיי ביידן, און זיי גייען אַזוי לייכט איבער איינער אין צווייטן. ווער ווייסט? מעגלאך ווען ניט דיין נאַרישע שטאָלצקייט וואָלסטו אַצינד שוין געהאַט אַ רואיקע היים, אַ מאַן, און אַ קליין, שיין אינגעלע אָדער מיידעלע וואָלט געלעגן אין אַ ווייך בעטעלע און געוואָרפן מיט די פעטינקע הענטלאך און פיסלאך. ווער ווייסט? ווער קען פאָראויסזאָגן?

ריווא (זעצט זיך האַסטיק אויף, פון איר ברוסט רייסט זיך אַרויס אַ פאַרשטיקטער קרעכץ. זי פאַרגראַבט דעם קאָפּ צווישן די קני. אַ פּאַוזע. דער וואַנט־זייגער קלינגט צוויי).

שלאָפלאָזיקייט: אַזוי איז עס. דיין לעבן איז זייער, זייער ניט קיין געלונגענער. אַלע דיינע האָפנונגען ווערן ביסלאַכווייז פאַרשוואונדן און קיין איינציקער פון דיינע טרוי־מען איז ניט פאַרווירקלאַכט געוואָרן. גליק? (לאַכט) נאַאיווע מענטשן מיינען, אַז עס עקזיסטירט אַף דער וועלט אַזאַ באַ־שעפעניש און יאָגן זיך נאָך אַ שטן. דיינע קינדער־יאָרן! זעסט, דאָס איז פאָרט דאָס שענסטע אין דיין לעבן, און דיין מאַמע — דער איינציקער און בעסטער פריינט. ווי גוט וואָלט געווען, ווען דו האָסט זי איצט דאָ, נעבן זיך? וואָלסט גע־האַט פאַר וועמען דאָס האַרץ צו עפענען, באַ וועמען זוכן אַ טרייסט. עך, אַ מאַמע, אַ מאַמע! געדענקסט?

(רעכטס ווערט ביסלאַכווייז ליכטיק. עס אַנטפּלעקט זיך אַ דאָרפיש ווייס שטיבל. אַף דער פריזבע זיצט שׂרה, נעבן איר, דעם קאָפּ אָנ־געשפאַרט אַף איר אַקסל, זיצט ריווא. ביידע פאָלגן נאָך פאַרטראַכט די רויט־געלע שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון. אַ פּאַוזע.)

ריווא: מאַמאַ, פאַרגייט די זון דאָרטן, אין אַמעריקע, אויך אַזוי שיין ווי דאָ, באַ אונז?



שׂרה: גאָט׳ס וועלט, מיין קינד, איז אומעטום איינע און די זעלבע: דאָ פונקט ווי דאָרטן.

ריווא (זיפצט): אָבער אַזעלכע לאָנקעס און אַזאַ טייכל, ווי באַ אונז, איז דאָרטן זיכער ניט פאַראַן.

שׂרה: וואו וועלדער, דאָרטן געפינען זיך אויך לאָנקעס און שיינע טייכלאך האָט דער, וואָס לעבט אייביק, איבער דער גאַנצער וועלט צעוואָרפן.

ריווא (נאָך אַ פּאַוזע): כ׳וועל זייער בייגקען נאָך אונ־זער טייכל מיט דער מיל, נאָך דעם אַלטן פאַסטוך סטעפאַנען מיט זיין פייפל. (קוקט זיך אַרום) נאָך אַלץ, אַלץ אַרום.

שׂרה (זיפצט שווער): וועסט זיך צוגעוואוינען. איך האָף, וועסט מיט גאָט׳ס הילף ניט לאַנג דאָרטן פאַרבלייבן אַליין. דער פעטער שרייבט, אַז אין ניו יאָרק קען אַזאַ גוטע שניידערין ווי דו אין עטלאַכע חדשים פאַרדינען געננוג געלט מיך מיט׳ן טאַטן אריבערצונעמען. דער פעטער ווייסט וואָס ער רעדט, ער וועט ניט שרייבן גלאַט אין דער וועלט אַריין.

ריווא: יאָ, כ׳האָב אויך וועגן דעם געהערט. (קוקט זיך אַרום.) דאָס האַרץ וויינט אין מיר, ווען כ׳דערמאָן זיך, אַז אין צוויי טעג אַרום וועל איך שוין אָט דאָס אַלץ ניט זען מער.

שׂרה (ווישט די טרערן): מן־הסתם איז אַזוי באַשערט. אָפּגעלעבט דעם גאַנצן לעבן אַף איין פּלאַץ און איצט מוז מען פאָרן אין דער ווייטער וועלט זוכן אַ נייעם מקום מנוחה. וואָס קען מען העלפן? קיין פרנסה איז ניטאָ, דער טאַטע פילט שוואַך, און דער פעטער זאָגט צו גאָלדענע גליקן.

ריווא (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ אַף דער מוטער׳ס קני. אַ קליינע פּאַוזע. פון ווייטנס דערטראָגט זיך דאָס מעלאָדישע שפּילן פון׳ם פאַסטוך. אַ פּאַוזע).

שׂרה (נעמט זי אַרום, גלעט אירע האָר): נאָר ניט גע דאַנגה׳ט, קינד מיינס: גאָט איז אַ פאָטער און וועט אונז ניט פאַרלאָזן. (ווישט אויס די טרערן) אמת, אַצינד וויינען אין אונז די הערצער, דערפאַר אָבער ווי פרייליך און גוט וועט אונז זיין,

ווען דו וועסט מיך מיט'ן טאטן אריבערנעמען צו דיך. מיר וועלן זיך איינארדנען א שיינע היים און גליקלאכע זיין צוזאמען. און ווער ווייסט, אפשר ווארט נאר אף דיר דארטן דיין זיווג, דיין באשערטער?

ר י ו ו א (זיפצט): ס'איז א מעשה'לע, מאמא.

ש ר ה (שאקלט מיט'ן קאפ לאנגזאם אף ניין): ס'איז אמת, מיין קינד. די וועלט גייט ניט גלאט אזוי. יעדעס פיצעלע איז אויסגערעכנט און פון פריער באשטימט. ווילסט, וועל איך דיר וועגן זיווג דערציילן?

ר י ו ו א (זיפצט): דערצייל.

ש ר ה (גלעט ריווא'ס קאפ): ווען א אינגל ווערט געבארן, באשטימט דער אויבערשטער אפריער דעם וועג, אף וועלכן ער דארף נייען. צי זאל ער זיין א גרויסער צדיק, א למדן, מיט וועמעס ערלאכקייט און חכמה עס זאל קלינגען די וועלט, צי, חס ושלום, א צורר, א רשע, א מערדער, בא וועמען גנב'ענען, רויבן, און אפילו א מענטשן אומברענגען זאל זיין א גארניט, א שפילכל. צי דאס קינד זאל נאר זיין גלאט אזוי אן איינפאכער מענטש אן איינפאכער איד, וואס לעבט זיך שטיל, רואיק, ווי גאט האט נעבאטן. ווען עס ווערט געבארן א מיידל, ווערט פאר איר נאר דאס ערשטע אנגעצייכנט א זיווג, צו וועמען זי דארף געהערן. אין דעם באשערטנ'ס נשמה פלאנצט איין דער, וואס לעבט אייביק, בענקשאפט נאך זיין באשערטער. און וואס עלטער ער ווערט, אלץ שטארקער ווערט די בענקשאפט, און שפעטער, ווען ער וואקסט אויס, טרייבט אים זיין גורל איבער דער וועלט ביז דער אויבערשטער ברענגט אים צוזאמען מיט דער, וואס ס'איז פאר אים אנגעצייכנט געווארן.

ר י ו ו א: און וואס, מאמע, אויב ער געפינט זי ניט? אף דער וועלט זיינען דאך אזוי פיל מענטשן פאראן?

ש ר ה: דאס קען ניט זיין! ער מוז זי געפינען. דער אויבערשטער פירט שוין אזוי זייערע וועגן, אז זיי מוזן זיך טרעפן.



ר י ו ו א (זיפצט): ס'איז ניט מער ווי א מעשה'לע, מאמע, אבער אזא שיינע, אזא באַרואיקנדיקע. דערצייל.

ש ר ה: אין יעדער מעשה, ריוועלע, איז א סך אמת פאראן. איך גלויב אין א זיווג און דו דארפסט אויך גלויבן. דיין חתן וועט זיין א הויכער, שיינער בחור מיט שווארצע האר און שווארצע וואנצעס, ווי דער טאטע דיינער איז אמאל געווען. (זיפצט.) עך, האסט אים בארארפט קענען מיט א דרייסיק יאר צוריק. אלע מיינע חבר'טעס זיינען מיר מקנא געווען און פלעגן באהאלטענערהייד ארויסקוקן פון די פענסטער, ווען מיר פלעגן שבת אין שול ארייננגיין. (פארטראכט זיך) יא. ער, דער חתן דיינער, וועט זיין א שיינער און אויך א גוטער פארדינער. צוערשט וועלן מיר שרייבן תנאים און גיך טאקע פראווען די חתונה אויך. און אלע טאג דאנקען דעם וואס לעבט אייביק פאר זיין גרויסן חסד. (קוקט פארטראכט אף דער טאכטער). ווי בלייך דו זעסט די לעצטע צייט אויס. און וואס איז דער חידוש, אז דו עסט גארניט. אדער דו לעזסט ביכלאך אדער דו טראכסט. אט האסטו היינט נאך פון אין דער פרי אן גארניט נעגעסן. (זיפצט.) ניט גוט אזוי, טאכטער מיינע. נו זאג, וואס זאל איך דיר עפעס מאכן צום עסן?

ר י ו ו א: איך בין ניט הונגעריק, מאמע.

ש ר ה: דאס הער איך פון דיר שטענדיק. אפשר מאכן דיר א פאר אייער, אדער ארויפנעמען פון קעלער א ביסל סמעטענע?

ר י ו ו א: כ'וויל ניט.

ש ר ה (הויבט זיך אויף): כ''וועל דיר אפפרעגלען צוויי אייער אין פוטער און וועסט בא מיר מוזן אויסטרינקען א גלאז מילך. קיין אמעריקע, קינד מיינס, דארף מען קומען מיט כוחות. און דו דארפסט זיי דא אנזאמלען. דארטן וועט דיר קיינער ניט שטיין בא דער זייט און אכטונג געבן אף דיר. (ווישט אויס די טרערן).

ר י ו ו א: נו גוט, מאך מיר צוויי אייער.

**שרה:** כ'וועל דיך באַלד אַריינרופן. (גייט אין שפּיבל. ריווא זיצט פאַרטראַכט. אַ פּאַוזע. משה קומט אַן פון רעכטס. קוקט פרויעריק אַף ריווא'ן. זי באַמערקט אים נים. ער גייט צו.)

**משה** (קוקט אַף איר אַ ווײַלע): הייסט עס, פאַרסטו, ריווא, אַ?

**ריווא** (הויבט זיך אויף): יאָ, משה, איבערמאָרגן אין דער פרי.

**משה** (דריקט צונויף די פויסטן): פאַרסטו טאַקע? און דיך הארט גאָרנים, וואָס משה דער מילנער בלייבט דאָ איינער אַליין און וועט ווי אַ הונט פגר'ן פון בייַנקשאַפט נאָך דיר?

**ריווא** (צענעמט די הענט): וואָס קען איך דיר העלפן?

**משה:** זאָג, לאָז מיר כאָטש הערן, פאַרוואָס האָסטו מיך נים ליב?

**ריווא:** כ'ווייס נים, משה. אַף אַזעלכע פראַגן קען מען נים ענטפערן. דאָס דאַרף מען פילן.

**משה:** בין איך נים שיין, נים שטאַרק גענוג? די שיקסעס פגר'ן דאָך נאָך מיינע טריט און יעדן שגיץ אין דאָרף קען אין די זייטן אונטערהאַקן. פרעג זיי, אויב דו גלויבסט מיר נים.

**ריווא** (צענעמט מיט די הענט. זיפצט).

**משה:** וואָס ציט עס דיך קיין אַמעריקע? ווער ווייסט וואָס פאַר אַ צרות עס וואַרטן אַף דיר דאָרטן. איך האָב דאָך דיך אַזוי ליב. אַ וועלט וואָלט איך פאַר דיר אויסגע'הרג'עט. (גייט צו נענטער) איך בעט דיך, באַרעכן זיך.

**ריווא:** פאַרפאַלן, משה. איבערמאָרגן פאַר איך.

**משה** (כאַפּט אָן אירע הענט. רעדט דורך טרערן): ריוועלע, האָב רחמנות, פאָר נים! איך וועל עס נים אויסהאַלטן! אין טייך וועל איך זיך אַריינוואַרפן! (ציט זי צו זיך. זי וויל זיך אַרויסרייסן און קען נים) בלייב דאָ מיט מיר! פאָר נים! פאָר נים! (קושט זי ווילד).

**ריווא** (רייסט זיך פון זיינע הענט): לאָז מיך אָפּ! לאָז מיך!



(פון לינקס הערט זיך אַ חילכיקער פרויען־געלעכטער. משה לאָזט ארוים ריווען פון זיינע הענט.)

**ריווא** (ברענגט זיך אין אָרדנונג): דו ביסט אַ ווילדער! אַ משוגענער!

**משה** (ענטפערט נים. שטייט מיט מאַכטלאָז אַראָפּגעלאָזענע הענט און אַ געבויגענעם קאָפּ).

(פון לינקס לויפן ארוים פּאַשקאַ און ליובקאַ, ביידע אויסגעפּוצטע צום קאַראַהאָד. דערזעען ריווא'ן מיט משה'ן, ווינקען זיך איבער און קומען צו.)

**פּאַשקאַ:** פאָרסטו, הייסט עס, ריווקאַ, טאַקע אין אַן אמת'ן?

**ריווא:** יאָ, פּאַשקאַ.

**ליובקאַ:** ווען?

**ריווא:** איבערמאָרגן גאַנץ פרי.

**ליובקאַ** (פאַרפירעריש צו משה'ן): און דו שטייסט און באַוויינסט זי, האַ?

**משה** (קערט אָפּ דעם קאָפּ).

**פּאַשקאַ:** אַ שאָד, ריווקאַ. ביסט אַ גוט מיידל געווען!

**ריווא:** עס טוט מיר אויך לייד אייך אַלעמען דאָ איבערצולאָזן, אָבער וואָס קען מען העלפן?

**ליובקאַ** (צו ריווען): וועסט היינט קומען צום קאַראַהאָד?

**ריווא:** יאָ. אַ ביסל שפּעטער.

**פּאַשקאַ** (צו משה'ן): און דו שטיי נים ווי אַ הונט אָן אַן עס. וואָס, ווייניק שיינע שיקסעס אין דאָרף פאַראַן?

**ליובקאַ** (בויגט זיך צו, קוקט אריין משה'ן אין פּנים, שיסט אוים מיט אַ חילכיקן געלעכטער).

**משה** (קערט זיך בייז אָפּ).

**פּאַשקאַ** (צו ריווען): ער איז פאַרליבט אין דיר. (צו משה'ן): אַך, וואָס פאַר אַ נאַר דו ביסט. האָסט אויסגעקליבן זי (ווייזט אַף ריווען) ווען ליובקאַ האָט דיך ליב. (גיט ליובקען

אַ קלאַפּ איבער'ן אַקסל) גיב נאָר אַ קוק, וואָס פאַר אַ טייערע שיקסע זי איז. בלוט מיט מילך. ס'איז פאַראַן וועמען ארומ־צונעמען.

ל י ו ב ק א (לאַכט): ער ווייסט עס! (צו משה'ן.) גע־דענקסט נעכטן אונטערן שייער? אפשר שלעכט געווען?

(ביידע שיקסעס שיסן אַרויס מיט אַ חילכיקן געלעכטער.)

מ ש ה (קערט זיך שנעל אום): ס'אַ ליגן! וואָס זיינט איר געקומען אהער? ווער האָט אייך גערופן?

(די שיקסעס לאַכן ווידער.)

פּ א ש ק א: די גאַס געהערט צו יעדן איינעם!

ל י ו ב ק א: זיך געקומען געזעגענען מיט ריווקא'ן!

מ ש ה: זיך שוין געזעגנט. גייט. איר וועט נאָך פאַר־שפּעטיקן דעם קאַראַהאָד.

פּ א ש ק א: ניט דיין זאַך!

ל י ו ב ק א (צו ריווען): ווּעסטו קומען צום קאַראַהאָד?

ר י ו ו א: יאָ, ליובקא, זיכער!

פּ א ש ק א: ס'איז דיין לעצטער קאַראַהאָד. אין אַמעריקע זיינען ניטאָ אַזעלכע זאַכן.

ל י ו ב ק א (צוזאָגנדיק צו משה'ן): דו קום אויך. ס'וועט דיר ניט באַנג טאָן!

(ביידע שיקסעס נעמען זיך אַרום און גייען זינגענדיק אָפּ רעכטס. פון דאָרטן דערטראָגן זיך מענער־ און פרויען־שטימען און באַלד פאַנגט אָ כאָר אָן צו זינגען: „געי ווי כלאָפּצי". אַ פּאַוזע.)

מ ש ה (שטיל צו ריווען): ליובקא זאָגט אַ ליגן. כ'האָב זי פיינט!

ר י ו ו א (זיפצט): וואָס גייט עס מיך אָן?

מ ש ה: כ'וויל זאָלסט איר ניט גלויבן.

ר י ו ו א: וואָס איז דער חילוק?

(אַ קליינע פּאַוזע. דער כאָר זינגט.)

מ ש ה: נו... הייסט עס, פאָרסטו?

ר י ו ו א: יאָ. איבערמאָרגן אין דער פרי.



מ ש ה (נעמט אַרויס פון קעשענע אַ טיכל, ווישט די אויגן. ריווא לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. עס ווערט טונקל. די בילד פאַרשווינדט).

ש ל א פ ל א ז י ק י י ט (לאַכט לאַנג און שטיל): אַזוי איז עס. אַזוי איז עס. מיר טרוימען, בויען לופט־שלעסער, וואָס צעגייען זיך, ווי זייפן־בלאָזן. וואו איז דיין באַשערטער, ריווא? וואוהין איז דיין זיווג אהינגעקומען? פאַרוואָס האָבן זיך אייערע וועגן ניט צוזאַמענגעטראָפן? צי האָט ער דיך, אפשר, ניט דערקענט? צי דו אים ניט? צי איז גאָר נחום געווען דער יעניקער, וועמען גאָט אַליין האָט פאַר דיר באַשטימט? צי אפשר משה? און וואָס איז פון דיין טאַטע־מאַמע געוואָרן? אַ פאַרנומענע מיט זיך, האָסטו צו לאַנג זיך געקליבן זיי אַריבערצונעמען. ביז ס'איז געוואָרן צו שפּעט. קומען שפּעט איז פיל ערגער ווי גאָרניט צו קומען. דער טאַטע איז גע־שטאָרבן און די מאַמע האָט מען פאַרטריבן פונ'ם צעשטערטן און פאַרברענטן שטעטל. דיין שיפסקאַרטע איז צוריקגעקומען: דאָס ווייסע שטיבל איז אין אַ באַרג אַש פאַרוואַנדלט געוואָרן. וואו איז איצט דיין מאַמע, ריווא? וואו זיינען דיינע טרוי־מען? וואו איז דיין גליק? (לאַכט).

ר י ו ו א (שרייט־אויס היסטעריש, שפּרינגט אַראָפּ פונ'ם בעט, צינדט אָן דאָס עלעקטרישע לעמפּל. די שלאָפלאָזיקייט פאַרשווינדט אין אַ ווינקל מיט אַ שטילן געלעכטער. ריווא קוקט זיך דערשראָקן אַרום. אירע אַקסלען פאַנגען אָן ציטערן, זי פאַרדעקט דעם פּנים מיט ביידע הענט, פאַלט אַפּ'ן בעט מיט אַ שטילן געוויין. אַ קליינע פּאַוזע. דער זייגער קלינגט דריי).

דער פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.

# ווען די געטער ליבן

(א דראַמע)

## פערזאנען:

נארטמאן, א יונגער דראמאטורג.

פלארענס, זיין געליבטע.

לימער, א שרייבער.

עטהעל, זיין פרוי.

בוירק, א מאלער.

סאפיע, זיין געליבטע.

סווינגער, א שוישפילער.

שאטער, א טעאטער־מענעדזשער.

א יונגלינג, דער שליח פון די געטער.

נארטמאנ'ס שאטן.

פלארענס'עס דינסט.

א גאסן־פרוי.

א פארבייגייער.

צוויי שכורים.

גאַרטמאַנ'ס גרויסע, אָריגינעל־אויסגעשטאַטעטע סטודיאָ. אַף די ווענט בילדער, אין די ווינקלען סטאַטועז. אין דער מיטלסטער וואַנט צוויי ברייטע ווענעציאַנער פענסטער. איין טיר רעכטס, די צווייטע לינקס. אין מיטן אַ רייך געדעקטער טיש, שטולן אַרום. רעכטס אַ שרייב־טיש, פאַר אים אַ באַקוועמער מאָרים־שטול. אין ווינקל אַ גרויסער זייגער פונ'ם דיל. אַף בײדע טישן און אַפ'ן שטול — בונטן בלומען. אונטער'ן סופיט ציען זיך רייען גרינס און בלומען, פון וועלכע עס הענגען אַרונטער קאָלירטע שטראַמען סערפּאַנטין.

אויבן אָן, באַ טיש, זיצט גאַרטמאַן, רעכטס פון אים — פלאָרענס. די איבעריקע געסט — אַרום. לימער האַלט אַ רעדע.

לימער (זעצט פאָר): און מיט שטאָלץ שטרייך איך אונטער, אַז איך בין געווען דער איינציקער, וואָס איז געשטאַנען באַם אויפגיין פון גאַרטמאַנ'ס שטערן אַף אונזער דראַמאַטישן הימל. צוזאַמען האָבן מיר אָוועקגעטראָגן אונזערע ערשטע דראַמעס (וואָרפט אַ זייטיקן בליק אַף שאַטענ'ען) צו אַ געוויסן טעאַטער־דירעקטאָר, צוזאַמען נאָכדעם געציילט די שעה'ן, טעג און וואָכן ביז ס'איז אונז ענדלאַך אָן ענטפער געקומען. (זיפצט) אמת, אונזערע ענטפערס זיינען געווען גאַנץ פאַרשיידן: אים האָט מען איינגעלאַדן כדי די פּיעסע צו קויפן, און מיך — מיינע אָפּצונעמען. אָבער די פרייד פאַר אים האָט אינגאַנצן פאַרטונקלט מיין אייגענעם דורכפאַל. און גלויבט מיר, ס'וואָלט מיך זיכער ניט מער געפרייט, ווען מיין אייגענע פּיעסע ווערט אָנגענומען! און אין יענעם פרימאָרגן, ווען ער איז אַריין אין אָפּיס פון טעאַטער זיין קאָנטראַקט אונטערצושרייבן, האָב איך אין גאַס

אף אים געווארט און מיין הארץ האט פון פרייד געציטערט, פונקט ווי ס'וואלט געווען מיין אייגענע דראמע.

עטהעל (צו לימער'ן): אנטשולדיק, איך בין דאן אויך דערביי געווען.

לימער: גערעכט. זי האט מיט מיר צוזאמען אין גאס געווארט. אוןביידע האבן מיר זיך מיט גארטמאנ'ס זיג געפרייט, פונקט ווי עס וואלט אונזער אייגענער געווען. גארטמאנ'ס ערפאלג האט פון דאן אן גענומען וואקסן, און זעלבסט פארשטענדלאך, ניט אומזיסט. אבער די פיעסע וועלכע איז היינט ביינאכט צום ערשטן מאל אויפגעפירט געווארן, איבערטרעפט אלץ וואס ס'איז ביז איצט געשאפן געווארן אפ'ן דראמאטישן געביט. איך וויל אויך באמערקן, אז אונזער היינטיקדיקער יום־טוב איז א צווייענדיקער. ס'איז ניט נאר די ערשטע אויפפירונג פון גארטמאנ'ס דריטע פיעסע, נאר אויך זיין צוויי־און־דרייסיק יאריקער געבורטסטאג. און מיט א הארץ איבערפילט פון די ווארעמסטע געפילן, ווינש איך אים, זיין שטערן זאל אף שטענדיק פארבלייבן אף אונזער הימל, און איך צווייפל גארניט, אז דאס שיינע און נייע וואס ער האט אין אונזער טעאטער אריינגעבראכט, וועט שוין בא אונז אף שטענדיק פארבלייבן! (זעצט זיך).

די געסט (אפלאדירן, ריידן צווישן זיך, לאכן, ענדיקן זייערע גלעזער ווייז.)

סווינגער (שטייט אויף): איצט וועט אונז ביורק עפעס זאגן. און איך האף, אז סקולפטארן האלטן קירצערע רעדעס פון שרייבערס (די געסט שמייכלען, שאקלען מיט די קעפ). איך האב אייך אויך געוואלט דערמאנען (קוקט אפ'ן זייגער רעכטס), אז איצט איז שוין האלב נאך דריי. פיר אזייגער מוזן מיר גיין אהיים. אנדערש וועלן מיר מארגן אפ'ן באל פון די מוואווי־שווישפילער איינשלאפן אין מיטן טאנצן.

די געסט: ריכטיק! גאנץ ריכטיק! קורצע רעדעס!



ביורק (הויבט זיך אויף): ווען איך בין פאר עפעס באגייסטערט — ארבעט איך שנעל ווי א טייפל. אין צוועלף טעג האב איך אויס א מארמארנעם ביוסט, ווארף אן א גרויסע בילד. מיין רעדע אצינד מוז אויך זיין קורץ און שארף, ווייל איך בין באגייסטערט פון מיין ליבן גארטמאנ'ס שאפן. אפילו א געליבטע האלז איך און קוש זייער שנעל אין צייט פון באגייסטערונג פאר איר. אויב עס גלויבט מיר ניט ווער, קען ער עס גלייך פרעגן בא מיין סאפיע'ן.

סאפי (לאכט): איך מוז עס צוגעבן.

ביורק: איך האב די ערע צו רעכענען גארטמאנ'ען פאר מיין בעסטן פריינט, ווייל אונזערע נשמות זיינען שוין דאן פאראייניקט געווען, ווען די וועלט האט נאך פון אונז ביידען גארניט געוואוסט. געטראפן האבן מיר זיך מיט פינף יאר צוריק בא א גלעזל קאפע אין א ביליקן רעסטאראן, זיך צערעדט, גלייך דערפילט איינער דעם צווייטן און זיך פאראייניקט. ארים זיינען מיר ביידע געווען ווי צוויי טייוואלים. מיר האבן זיך גענומען אלע טאג טרעפן, ארויסהעלפן איינער דעם צווייטן און צוזאמען געבויט פלענער פאר דער צוקונפט. פלענער וועלכע האבן זיך איצט פאלקאמען פארווירקלאכט. איך גלויב — איך בין אויך געווען דער ערשטער, וועלכער האט דערזען גארטמאנ'ס גרויסן טאלאנט און...

לימער: אין דעם צווייפל איך!

עטהעל: גאנצע נעכט פלעגן מיר פארברענגען לעזנדיק גארטמאן'ס און מיין מאן'ס דראמן.

ביורק: מעגליך. איך זאג עס, ווייל איך פיל, אז גארטמאן'ס ערפאלג איז אויך מיין ערפאלג. אבער וואס איז דער חילוק? אבי ער איז מיט אונז! (גיט גארטמאנ'ען די האנט.) און היינט, טייערער פריינט, אין דער נאכט פון דיין צווייענדיקן יום־טוב, ווינש איך דיר צו ווערן דער גרעסטער צווישן אונז, און אפילו מיך אליין איבערשטייגן! (נעמט אים ארום. זיי צעקושן זיך. ווישט אויס די טרערן).

די געסט (לאַכן, אַפּלאָדירן, ריידן צווישן זיך.)

פלאָרענס (לאַכט): ס'איז אַרויסגעקומען גאַנץ שיין!

סאָפי: אַז ער ווערט באַגייסטערט, זאָל גאָט אויסהיטן.

סווינגער (שטייט אויף): איצט וועט אונזער דירעקטאָר זאָגען, איך האָף, אַ פּאָר קורצע ווערטער.

שאַטער (הויבט זיך אויף, גלייכט אויס דעם שניפּס): איינגנטלאַך האָב איך קיין נייס ניט צוצוגעבן צו אייערע רייד: איך האָב בלויז אויסגעדריקט אין טאַטן דאָס וואָס איר האָט געזאָגט מיט ווערטער. איך בין זיכער ניט געווען דער איינציקער דירעקטאָר צו וועמען גאַרטמאַן איז מיט זיינע פּיעסן געקומען. איך בין אָבער געווען דער ערשטער, וועלכער האָט דערפילט אין אים זיין גרויסן טאַלאַנט און גלייך געעפנט פאַר אים די טירן פון מיינע טעאַטערע. איך געדיינק, אַז נאָך פופצן מינוט לעזן זיין ערשטע פּיעסע, האָב איך גלייך געפונען אין זיין דראַמע דאָס (וואַרפט אַ בליק צו לימער'ן), וואָס איך קען בא אַנדערע שרייבער ניט אַנטדעקן נאָך יאָרן לעזונג פון זייערע פּיעסן. (לימער און עטהעל שמייכלען סאַרקאַסטיש.) איך מיין טאַלאַנט. און די צייט האָט באַוויזן, אַז כ'בין אַ מבין, אַז כ'בין געווען גערעכט. היינט, צום אויפפירונג פון זיין דריטער דראַמע און צו זיין צוויי־און־דרייסיק יאָריקן געבורטסטאָג, ווינש איך אים נאָך גרעסערע זאַכן צו שאַפן און האָף, אַז אויף אַף ווייטער וועלן מיר אַרבעטן צוזאַמען!

די געסט (אַפּלאָדירן, לאַכן, טרינקען).

לימער (אַפּלאָדירט): אַ גאַנץ פיינע רעדע: אַ קורצע און אַ לייכטע!

שאַטער (לאַכט): הלוואי וואָלטן אייערע דראַמעס אָט די צוויי מעלות געהאַט.

עטהעל (שמייכלט קרום): עס ווענדט זיך ווער דער מבין איז.

בוירק (צו שאַטער'ן און לימער'ן): ניט איצט, פריינט!



קומט מאָרגן צו מיר אין סטודיאָ וועט איר זיך קענען אַרומרייזן וויפיל איר וועט נאָר וועלן.

סאָפי (צו פלאָרענס'ן): שטענדיק מוזן זיי זיך קריגן.

גאַרטמאַן (צו סווינגער'ן): טאָוסטמייסטער, אָרדנונג!

סווינגער (שטייט אויף): איצט, פריינט, וועל איך זיך אַליין נעמען דאָס וואָרט. (שווייגט אַ ווײַלע.) שוין 15 יאָר אַז איך בין אַף דער בינע, רעכן זיך איצט פאַר איינעם פון די בעסטע שוישפּילער, ווייל, ווי מען זאָגט, פאַרמאָג איך טאַלאַנט און באַזיץ אינטעליגענץ. דעם שוישפּילער'ס טאַלאַנט אַליין איז אָבער ווייניק צו שאַפן דעם ריכטיקן טיפּ. ס'איז אויך נויטיק אַז דער שרייבער זאָל האָבן טאַלאַנט, און דאַן גיסן זיך זייערע שעפּפערישע כוחות צוזאַמען און סקומט ארויס עטוואָס גרויסעס. איך קען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז מיין איצטיקע ראָלע איז די גרעסטע, וועלכע איך האָב ווען ס'איז געשפּילט, ווייל איר באַשעפער איז דער טאַלאַנטפולסטער דראַמאַטורג, וועלכן מיר האָבן ווען עס איז אַף אונזער בינע געהאַט!

די געסט (אַפּלאָדירן שטורמיש, קוקן זיך איבער, צופרידן שאָקלענדיק מיט די קעפּ).

סווינגער (זעצט פאָר): דאָס וואָס איך האָב איצט געזאָגט האָט זיך באַצויגן בלויז צו גאַרטמאַנ'ען דעם דראַמאַטורג, דעם קינסטלער. און וועגן גאַרטמאַנ'ען פערזענלאַך דענק איך אָט וואָס: נאָך מיין מיינונג, אַף וויפיל איך וויים, איז ער איצט, מעגלאַך, דער איינציקער אַבסאָלוט גליקלאַכער מענטש אַף דער וועלט. (די געסט קוקן זיך איבער). יאָ, פריינט, איך מיין עס ערנסט, און אָט פאַרוואָס איך דענק אַזוי. וואָס שאַפט אונזער גליק? געלט, באַרימטקייט, ליבע, געזונט, טאַלאַנט. פעלט עפּעס גאַרטמאַנ'ען פון אָט די אַלע גוטע זאַכן? ניין! ער פאַרמאָגט אַלץ! זאָל ער נאָר וועלן אַזוי פיל געלט וויפיל אונזער דירעקטאָר וועט אים געבן. אין באַרימטקייט באָדט ער זיך. (וואַרפט אַ בליק צו פלאָרענס'ן). די שענסטע פרוי פון אונזער קרייז שענקט

אים איר ליבע און טרייהייט און צענדליקע אנדערע וואָלטן גליקלאַך געווען איר פּלאַץ צו פאַרנעמען: ווייל גאַרטמאַן איז זייער א שיינער יונג און געזונט ווי א בער. פון טאלאַנט, פון שאפונגס־גליק, איז דאָך שוין אָפּגערעדט. און א שטאָלצער מיט זיין פריינטשאַפט, ליבנדיק אים, קען איך אים דאָך קיין גרעסערן גליק ניט ווינשן, ווייל איך קען זיך קיין גרעסערן גליק ניט פאָר־שטעלן. (הויבט אויף א גלאָז וויין) איך טרינק פאר גאַרטמאַנ׳ען, דעם גליקלאַכסטן מענטשן אין דער וועלט!

די געסט: הורראַ! הורראַ! (איי‌ניקע הויבן אויף די גלעזער, די צווייטע שפּרינגען אויף און דריקן גאַרטמאַנ׳ען די הענט, פאַרוואַרפן אים מיט סערפּאַנטין.)

גאַרטמאַן (הויבט זיך אויף, שמייכלט, דריקט זיי אַלעמען די הענט): איך דאַנק אייך! איך דאַנק אייך! און גלויבט מיר...

סווינגער (שלאָגט אים איבער): אנטשולדיק, פריינט, כ׳האָב דיר נאָך דאָס וואָרט ניט געגעבן־ (נעמט פונ׳ם טיש א פּעקל טעלעגראַמעס) מען דאַרף די טעלעגראַמעס פריער דורכלעזן.

לימער: דאָס איז אן ארבעט ביז אין דער פרי!

סאָפי: עס איז שוין באַלד פיר אזייגער.

פלאָרענס: זאָל מען דורכלעזן בלויז עטלאכע.

בוירק: צוויי טעלעגראַמעס דורכלעזן איז גענוג. די איבעריקע וועט ער (ווייזט אַף גאַרטמאַנ׳ען) שוין אליין איבער־קוקן.

עטהעל: דאָס איז דאָס בעסטע.

גאַרטמאַן: זאָל זיין אזוי.

סווינגער: אויסגעצייכנט! (גיט פלאָרענס׳ן דאָס פּעקל טעלעגראַמעס) זייט אזוי גוט נעמט ארויס צוויי פון דער מיט און לעזט זיי דורך.

פלארענס (לאַכט. נעמט אַרויס פונ׳ם פּעקל צוויי טעלעגראַמעס, עפנט די ערשטע, קוקט זיך איין אין איר.)

שאטער: סווינגער האָט נאָר וואָס אָנגערופן גאַרטמאַנ׳ען אלס דער גליקלאַכסטער מענש אין דער וועלט, און מיר דאַכט



זיך, אז עפּעס א טרויער, אָדער אן אומרואיקייט, ליגט באַהאַלטן א גאַנצן אָוונט אין זיינע אויגן.

פלאָרענס (וואַרפט א בליק צו גאַרטמאַנ׳ען): איך האָב עס אויך באַמערקט.

בוירק: איז עפּעס געשען, גאַרטמאַן?

די געסט: וואָס איז? וואס איז געשען?

גאַרטמאַן: אָה גאָרניט, גאָרניט! (צו פלאָרענס׳ן) לעז!

שאטער: אָבער פאָרט?

לימער: זאָג, וואָס איז?

גאַרטמאַן (אומצופרידן): אַך, גאָט מיינער! ס׳איז קיין שלעכטס ניט געשען. א קלייניקייט. כ׳וועל עס אייך שפּעטער דערציילן. (צו פלאָרענס׳ן) נו לעז!

פלאָרענס (לעזט): „מיר ווינשן אונזער פריינט און לערער גאַרטמאַנ׳ען גליק און א לאַנגן, שאַפנדיקן לעבן. די אַקטיאָרן פון בעלאַנ׳ס טעאַטער.“

די געסט (אַפּלאָדירן).

פלאָרענס (לעזט די צווייטע טעלעגראַמע): „טייערער פריינט גאַרטמאַן! אייער היינטיקע דראַמע האָט אונז קלאָר באַוויזן, וואָס פאר א גרויסע קראַפט מיר האָבן אין אייך. און צום צוויי־און־דרייסיק יאָריקן געבורטסטאָג ווינשן מיר אייך, און אונז אויך, אז אייער טאַלאַנט זאָל זיך קיינמאָל ניט אויסשעפּן און די זון פון אייער שאַפונג זאָל קיינמאָל ניט פאַרגיין. מיט אַכטונג, די דראַמאַטורגן ליג.“

די געסט (אַפּלאָדירן).

בוירק: קורץ און שאַרף!

סאָפי: זייער א שיינע באַגריסונג.

עטהעל: אויף דעם איז עס דאָך א ליג פון דראַמאַטור־גען.

שאטער: איצט וועלן מיר הערן וואָס גאַרטמאַן אליין האָט צו זאָגן!

לימער: ער האָט טאַקע עפּעס היינט אָוונט צופיל געשווינגן.

סווינגער: און איצט גיב איך דאָס לעצטע וואָרט דעם העלד פון היינטיקן אָוונט, און, איך האָף, אויך פון אַ גאַנץ יאָר — גאַרטמאַנ'ען!

די געסט (אַפּלאָדירן, שטעלן זיך אויף.)

גאַרטמאַן (הויבט זיך אויף, טראַכט אַ ווײַלע): ליבע פריינט, אויסרעכענענדיק אַלע מינים גליק וואָס איך באַזיץ, האָט סווינגער פאַרגעסן אָן איינעם, זייער, זייער אַ וויכטיקן: דאָס איז דאָס גליק פון פריינטשאַפט, דאָס גליק וואָס איר אַלע פאַרשאַפט מיר מיט אייער אויפריכטיקער ליבע און איבערגעבנקייט. אייערע רייד האָבן מיר גערירט ביז צו טרערן, אייער גלויבן אין מיר מאַכט מיר פיל שולדיק קעגן אייך, גיט מיר אָבער צו פליגל, וועט מיך טרייבן האַסטיקער און פולבלוטיקער צו שאַפן. דאָס וואָס איך בין היינט ניט אַזוי פריילאַך, ווי כ'וואָלט באַדאַרפט זיין, שטאַמט פון אַ קלייניקייט. איר וועט אפשר לאַכן. עס שטאַמט פון אַ חלום וואָס האָט מיך היינט ביינאַכט באַזוכט. אָבער איצט וועגן דעם צו רעדן איז אַבסאָלוט ניט ווינשנסווערט.

לימער: פאַרוואָס? עס וואָלט דווקא געווען אינטערעסאַנט צו הערן, וואָס איז עס פאַר אַזאַ אויסערגעוויינלאַכער חלום?

פלאָרענס (קוקט אים אין די אויגן): האָט זיך דיר עפּעס שרעקלאַכעס גע'חלום'ט?

סאָפי: איז מען אויף אייך אָנגעפאַלן?

עטהעל: אייך אפשר ערמאָרדעט?

גאַרטמאַן (שמייכלט): דאָס וואָלט שוין גאָר שרעקלאַך ניט געווען.

סאָפי (און עטהעל (צוזאַמען): נאָך שרעקלאַכערס?

פלאָרענס (נעמט אים אַרום): דערציייל, טייערער, באַרואיק אונזער נייגעריקייט. (צו די איבעריקע) איך ציטער שוין פון שרעק!



שאַטער (לאַכט): דאָס איז אַ ריכטיקער פרויען־שטריך: זי שטאַרבט פון שרעק און מוז דאָך וויסן.

בוירק: דערציייל שוין, וואָס איז עס פאַר אַ חלום געווען?

שאַטער: יעדער חלום איז אַ נאַרישקייט!

סווינגער: דאָך אינטערעסאַנט. אפשר וועלן מיר גאָר קענען אים אויסטייטשן.

גאַרטמאַן (לייגט צו די לינקע האַנט צום שטערן, אַ פּאוזע): מיר האָט זיך געדאַכט, איך שטיי אין מיטן פון אַ גרויסן, מיט גרינעם מאָך באַדעקטן זומפּ. דער באָדן אונטער מיר ציטערט און בא דער קלענסטער באַוועגונג קריכן די פיס אַלץ טיפער אין דעם זומפּ אריין. אין פילע ערטער האָבן פונ'ם מאָך און גראָזן ארויסגעקוקט אַזעלכע וואונדערלאַכע בלומען וועלכע כ'האָב נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן ניט געזען. זייער פאַרב איז געווען קרענקליך־געל, מיט שוואַרצע זוימען און בלוט־רויטע אָדערלאַך אין דער מיט. זייערע ראָז־גרויע, העסלאַך אויסגעקרימטע זאָמען־שטעקעלאַך האָבן אויסגעזען ווי פוילנדיקעס מענטשן־פלייש. געווען זיינען די בלומען פלאַכע, קיילעכיקע, האָבן אויסגעזען ווי פון איין שטיק און געמאַכט דעם איינדרוק פון עפּעס געפערלאַכעס, גיפטיקעס. לאַנג האָב איך זיך אָן די אויסטערלישע בלומען איינגעקוקט און ס'האָט מיך פּלוצלינג אָנגעכאַפּט אַ וואונש אָפּצורייסן אַ פּאָר און גאָר פון דער נאָענט זיי באַטראַכטן. מיט גרויס מי, זינקנדיק אין זומפּ, האָב איך זיך צוגעשלעפּט צו די נאָענטפטע בלומען, אָפּגעריסן איינע פון זיי, אָבער גלייך ווי כ'האָב זי געוואָלט אַ שמעק טאָן, איז זי אין שטינקנדיקן שטויב פאַרוונדלט געוואָרן. אַ פאַרוואונדעטער האָב איך נאָך עטלאַכע בלומען אָפּגעריסן, אָבער מיט די זעלבע פאָלגן. אַ מידקייט האָט מיך פּלוצלינג ארומגעכאַפּט. ס'האָט זיך מיר פאַרוואָלט גלייך אפ'ן גראָז זיך אראָפּלאָזן, צושליסן די אויגן און איינשלאָפן. כ'האָב אָבער פאַרשטאַנען, אַז כ'טאָר עס ניט טאָן, און אַ מידער געשלעפּט זיך ווייטער, טרעטנדיק אָף די קרענקלאַך־געלע בלו־

מען. פלוצלינג האב איך ניט ווייט פון זיך דערזען ליגן א מענטשן. איך בין שטיין געבליבן און זיך גענומען איינקוקן אין אים. זיין קערפער איז געווען צוזאמענגעקארטשעט, די הענט אויסגעשטערקט אף פאראויס, פונקט ווי זיי וואלטן אין זייער לעצטער קאנוואולסיע זיך אן עפעס געוואלט אנכאפן. זיין קאפ איז געווען עטוואס אויפגעהויבן, דאס פנים גרין־געל און פון צווישן די פארקלאסטערטע, פעך־שווארצע האר האט א לארבער־קראנץ ארויסגעקוקט. מיין הארץ איז מיר פארגאנגען פון שרעק, דאך האב איך געמאכט נאך עטלאכע טריט צו אים און פלוצלינג באמערקט, אז זיין פנים באוועגט זיך לייכט און עפעס רירט זיך אונטער זיינע מלבושים. איך בין צוגעגאנגען נאענטער. דער ריח פון פארלע האט מיר מיט אמאל א שלאג געטאן אין דער נאז און איך האב דערזען, אז זיין פנים איז פול מיט גרין־געלע, זיך באוועגנדיקע ווערים. א פארגליווערטער פון שרעק און עקל האב איך זיך נאך א ווײלע אין אים איינגעקוקט און פלוצלינג זיך אווארף געטאן אף צוריק מיט א שווערן קרעכץ: אין טויטן קערפער האב איך.. (ווערט אנטשוויגן, קוקט אנגעשטרענגט פאר זיך.)

(אלע קוקן זיך דערשראקן איבער).

פלארענס (כאפט זיך אן דערשראקן אן גארטמאנ'ען): גאט מיינער, ווי שרעקלאך!

עטהעל (ציטערט אויף): עס גרוילט מיר דאס לייב!

סאפי: עס קלאפט מיר א צאן אן א צאן.

לימער: נו... און וואס?

בוירק: ענדיק שוין!

גארטמאן (לאנגזאם, שווער): אין טויטן קערפער האב איך זיך אליין דערקענט.

(א דערשראקענע באוועגונג צווישן די געסט. א קליינע פאוזע.)

שאטער (בייז): צום טייפל! בלויז איך, האלב־וואנזיניקע קינסטלער, קענען זיך אזעלכע זאכן חלום'ען! (גייט אוועק פונ'ם טיש אן אומצופרידענער).



פלארענס (זעצט זיך אוועק דערשראקן אפ'ן שטול): שוידערלאך! (צו גארטמאנ'ען) ווי ביסטו עס ניט געשטארבן פון שרעק?

בוירק: דער חלום איז א גאנץ אינטערעסאנטער!

סווינגער: ניט פון מיינעט וועגן!

לימער: שוין אביסל צו אינטערעסאנט!

סאפי: איך וועל שוין זיכער א גאנצע נאכט ניט קענען איינשלאפן.

עטהעל: כ'האב נאך אזעלכעס ניט געהערט!

סווינגער (הויבט אויף א גלאז ווײן): גענוג! דאס גאנצע לעבן איז א חלום און מיר דארפן זען אים וואס שענער מאכן! איך טרינק דעם לעצטן כוס פאר אונזער פריינט און שטאלץ — פאר אונזער גארטמאנ'ען!

אלע (אפלאדירן): הורא! הורא! (כאפן די גלעזער, טרינקען).

(דער זייגער קלינגט פיר).

בוירק: שוין צייט צו גיין!

גארטמאן (לאכט): ווארט טייוואלים: איר מוזט דאך מיר געבן א מעגלאכקייט אייך צו ענטפערן א די אלע גוטע זאכן, וואס איר האט מיר דא אנגעזאגט!

לימער: זאג, נאר מאך עס קורץ: איך שטארב שלאפן!

גארטמאן: איך דאנק אייך פאר אייער צוטרויען און האף, אז...

בוירק (שלאגט איבער): ווער דארף עס האבן דיין דאנק?! (כאפט א גלאז ווײן פון טיש.) הורא פאר גארטמאנ'ען, און קומט גלייך אהיים!

אלע (כאפן אונטער): הורא! הורא! (הויבן די גלעזער, טרינקען).

גארטמאן (גיט א מאך מיט'ן האנט. לאכט. קלינגט אן).

(א דינער ערשיינט מיט מלבושים אף די הענט. די טענער נעמען עס בא אים און העלפן די דאמען זיך אנטאן, פרייליך ריידנדיק צווישן

זיך. גאַרטמאַן טוט אָן פלאָרענס'ן דעם מאַנטל, קושנדיק זי דערביי אין האַלז.)

גאַרטמאַן (צום דינער, אָנווייזנדיק אַפ'ן טיש): פירט דאָס גלייך ארויס פון דאַנען! (צו שאַטער'ן) איך האָב ליב אַ שיין־געדעקטן טיש פאַר'ן עסן, אָבער נאָכ'ן עסן דערמאָנט ער מיך אימער אָן צוגעגעסענער, אָפגעשטאָרבענער ליבע. (נעמט אַרום פלאָרענס'ן).

(דער דינער פירט אַרויס דעם טיש און בעת גאַרטמאַן באַגלייט נאָכער די געסט, מאַכט ער שנעל ריין אין צימער און גייט אַרויס.)

פלאָרענס (נעמט אַרום גאַרטמאַנ'ען): טייערער, דו וועסט היינט ניט גיין צו מיר: כ'פיל זייער מיד און דו אַליין נויטיקסט זיך אויך אָן אביסל רו.

גאַרטמאַן (קושט זי): גוט, גוט. דערפאַר אָבער מאָרגן פונ'ם באַל פאָרן מיר גלייך...

פלאָרענס (וואַרפט אַף אים אַ בריענד־צוזאָגנדיקן בליק): יא, ליבער. גלייך צו מיר אהיים... (דריקט זיך צו צו אים).

עטהעל (גייט צו, גיט אים די האַנט): אַ גוטע נאַכט, טייערער פריינט!

אַלע (גייען צו אים): אַ גוטע נאַכט! גאַרטמאַן, לייג זיך גלייך שלאָפן! מאָרגן דער באַל.

גאַרטמאַן (נעמט ארום פלאָרענס'ן): קומט, איך וועל אייך באַגלייטן.

(אַלע גייען אַרויס. עס הערן זיך שטימען: אַ גוטע נאַכט! כאַ־כאַ! פאַרגעסט ניט מאָרגן דעם באַל! אַ גוטע נאַכט! אַ פּאַוזע).

גאַרטמאַן (קומט אריין, קוקט זיך ארום, שמייכלט צופרידן. גייט צו, שמעקט די בונטען רויזן. פאַררויכערט אַ סיגאַר. פאַרטראַכט זיך. נעמט אַראָפּ דאָס רעקל, טוט אויס דעם קאָלנער, נעמט פון שרייב־טיש דאָס פּעקל טעלעגראַמעס, זעצט זיך אַף דער סאָפע און נעמט זיי דורכלעזן, צושאָקלענדיק צופרידן מיט'ן קאָפּ. מיט אַמאָל הערט ער אויף צו לעזן, לאָזט מאַכטלאָז אַראָפּ די האַנט מיט די טעלעגראַמעס אַף די קני און פאַרטראַכט זיך.)



(דער צימער נעמט זיך אָנפילן מיט אַ פיאָלעט־בלויען נעבל. אין רעכטן ווינקל ערשיינט דער יונגלינג. ער איז שלאַנק, כמעט איידל, אָבער זיין יעדער אבר איז ווי פון קופער געגאָסן. ער איז נאַקעט. זיינע האָר זיינען לאַנג און שוואַרץ און די בלאָע אויגן קוקן קאַלט און פעסט פון אונטער די שוואַרצע ברעמען.)

גאַרטמאַן (קומט צו זיך, קוקט זיך פאַרוואונדערט איין אין בלויען נעבל. דערפילט דעם יונגלינג'ס בליק. דרייט מיט אַמאָל אויס דעם קאָפּ, דערזעט אים, און שטעלט זיך האַסטיק אויף. ביידע קוקן זיך אָן אַ ווײַלע.)

דער יונגלינג (גייט צו נענטער): שרעק זיך ניט פאַר מיר, גאַרטמאַן.

גאַרטמאַן (נאָך אַ קורצן שווייגן): ווער ביסטו?

דער יונגלינג: אַ שליח פון די געטער.

גאַרטמאַן (פאַרוואונדערט): פון די געטער? צו מיר?

דער יונגלינג (בויגט לאַנגזאַם אָן דעם קאָפּ אַף יאָ.)

גאַרטמאַן (באַטראַכט אים): וואו זיינען דיינע פליגלען?

דער יונגלינג: מוזן דען געטער און פויגלען זיך באַוועגן אַפ'ן זעלבן אופן?

גאַרטמאַן (נאָך אַ פּאַוזע): וואָס ווילסטו מיר זאָגן?

דער יונגלינג: איך וויל דיך פרעגן, ווי דו פילסט איצט?

גאַרטמאַן: מיינער אַ גוטער פריינט האָט דאָ ניט לאַנג צוריק געזאָגט, אַז איך בין דער גליקלאַכסטער מענטש אין דער וועלט.

דער יונגלינג (שטיל, פעסט): איך האָב עס געהערט. ס'איז אמת.

גאַרטמאַן: די איינציקע זאַך וואָס שטערט אָבער מיין גליק איז דער נעכטיקער חלום.

דער יונגלינג (קוקט אים גלייך אין געזיכט): דו געדענקסט אים?

גארטמאן (זיפצט): דאָס בלוט גליווערט אין מיינע אָדערן, ווען כ'דערמאָן זיך אָן אים. קענסטו מיר, אפשר, זאָגן, וואָס ער באַדייט?

דער יונגלינג: דאָס האָבן דיר די געטער געוואָלט אָן עפּעס דערמאָנען.

גארטמאן: דערמאָנען? אָן וואָס?

דער יונגלינג: אָן טויט!

גארטמאן (טרעט צוריק דערשראָקן): שטארבן?!

דער יונגלינג (בויגט לייכט אָן דעם קאָפּ.)

גארטמאן: שטארבן איצט, ווען כ'בין ערשט צוויי־און־דרייסיק יאָר אַלט געוואָרן, ווען מיין טאלאנט האָט זיך ערשט צעבליט, און די גאנצע וועלט איז בא מיינע פיס?!

דער יונגלינג: יא! דאָס איז פונקט די ריכטיקע צייט!

גארטמאן (פארברעכט די הענט): פארוואָס קומט מיר אזא שרעקלאכע שטראָף?

דער יונגלינג: די געטער ליבן דיך!

גארטמאן: און דערפאר ווילן זיי מיך טויטן? (פאר־צווייפלט) אָה, זאָלן זיי מיך דאָן בעסער האסן און ניט איבער־רייסן אזוי הארצלאָז די גאָלדענע קייט פון מיינע פריידן!

דער יונגלינג: דו רעדסט ווי א קינד: בלויז יענע גליקלאכע, וועמען די געטער ליבן, זיינען זוכה צו שטארבן יונג, פונקט דאָן, ווען זיי דערגרייכן דעם שפיץ פון זייער גליק.

גארטמאן: וואו איז דער זינען דערפון?

דער יונגלינג: דער פריצייטיקער טויט באפרייט די אויסדערוויילטע פון א סך אנדערע טויטן.

גארטמאן (קוקט אָף אים א ווײַלע): איך פארשטיי דיך ניט.

דער יונגלינג: שטארבנדיק יונג און גליקלאך מיידן זיי אויס דעם טויט פון פריינטשאפט, יוגנט, בארימטקייט, ליבע,



גארטמאן (מאַכט א שפּאַן צום גאַסט): איך בעט דיך, גיי פון דאַנען. זאָג די געטער, אז גארטמאן וויל נאָך ניט שטארבן, אז ער איז איבערפילט פון א וואנזיניק־שארפן פארלאנג צו שאפן און גליק צו געניסן. בעט זיי פאר מיר. זאָג זיי, אז מיין טויט האָט קיין זינען ניט, קיין בארעכטיקונג, איז א פארברעכן קעגן אַלע געזעצן פון שיינקייט און נויטווענדיקייט.

(א פאוזע.)

דער יונגלינג (שטיל, פארטראַכט): הער גארטמאן, איך האָב אצינד באשלאָסן דיין לעבן אין דיינע אייגענע הענט איבער־צוגעבן.

גארטמאן (אויסציענדיק צו אים די הענט): הא, איך דאנק דיר!

דער יונגלינג (שטעלט אים אָפּ): ווארט! פריער אָבער וועסטו מוזן מיט מיר זיך אביסל דורכגיין און איך וועל דיר עפּעס ווייזן.

גארטמאן: אָבער... וועסטו מיך צוריקברענגען?

דער יונגלינג: יא. און וועסט דאָן אויך קענען בלייבן לעבן אויב דו וועסט נאָר וועלן.

גארטמאן (מיט פרייד): איך גלויב דיר. איך דאנק דיר! וואוהין ווילסטו מיך נעמען?

דער יונגלינג (ענטפערט נים. לייגט ארויף איין האנט אָף גארטמאנ'ס אקסל. קוקט פאר זיך. דער פיאָלעט־בלויער נעבל נעמט ווערן אַלץ געדיכטער, ביז עס ווערט אינגאנצן פינסטער. א פאוזע. רעכטס אנטפלעקט זיך א האלב־טונקעלע סטודיאָ פון א סקולפטאָר. אָף די ווענט בילדער, אָף טישלאָך ארום סקולפטורן. דער דאָך און די מיטלסטע וואנט זיינען פון גלאָז. בא דער לינקער וואנט א סאָפע און א שרייב־טיש מיט א שטול. רעכטס א טיר, פארהאנגען מיט א פארהאנג. א פאוזע. אין רעכטן ווינקל צינדט זיך אָן א לייכט־בלויע ליכטיקייט און אין איר דערזעט גארטמאן און דער יונגלינג נאָך אים.)

גארטמאן (קוקט זיך פארוואונדערט ארום. באטראכט די בילדער און סקולפטורן. דרייט אויס דעם קאפ צום יונגלינג): וואו בין איך?

דער יונגלינג (ענטפערט ניט. זיין בליק איז געווענדעט צו דער טיר, וועלכע איז פארהאנגען מיט א סאמעטענעם פארהאנג.)

גארטמאן (פאלגט נאך זיין בליק.)

(א פאוזע. פון דער צווייטער זייט פארהאנג הערן זיך לויפנדיקע טריט און אויפגערעגטע שטימען. באלד לויפט אריין סאפי אין א צעריסענעם נאכט־העמד, נאך איר יאגט זיך בוירק אין א שלאף־ראק. זי לויפט אריבער אין צווייטן עק צימער און כאפט אן איינע פון די סקולפטור־גרופן באם פוס.)

סאפי (שרייט): גיי ניט צו. בוירק, אדער איך שליידער ארונטער די סקולפטור.

בוירק (האלט זיך צוריק א דערשראקענער).

סאפי (כאפט איבער דעם אטעם, מאכט צורעכט אף זיך דאס העמד): אט אזוי! שטיי פון דער ווייטנס ווי א קעצעלע.

(ביידע קוקן זיך אן א ווילע אנגעשטרענגט.)

גארטמאן (קוקט זיך איין אין סאפי'ן, דרייט פרעגנדיק אויס דעם קאפ צום יונגלינג און, ניט באגעגנדיק זיין בליק, דרייט ער צוריק אויס דעם קאפ צו בוירק'ן.)

בוירק: גיב מיר אפ דעם בריף!

סאפי: ביסט א פיינלינג! טוסט אפ אונטן ארום זאכן, פאר וועלכע דו האסט מורא צו טראגן די פאראנטווארטלאכקייט.

בוירק: ס'איז ניט דיין זאך! ווי נידערטרעכטיק ס'איז צו קריכן יענעם אין די קעשענעס און גנב'ענען פרעמדע בריף!

סאפי: איך גיב עס צו. אבער ניט דו קענסט עס מיר פארווארפן. דו, וועלכער האט זיך ערשט דא ניט לאנג גארט־מאנ'ען אין ליבע ערקלערט, זיך געווארפן צו אים קושן, און אין קעשענע איז געלעגן א בריף מיט א ליבעס־ערקלערונג צו פלא־רענס'ן. איז דאס ערהאבן? האנדלט אזוי א „בעסטער פריינט"? (לאכט) ווי האסטו זיך אויסגעדריקט? „אונזערע נשמות זיינען



נאך דאן פאראייניקט געוועזן, ווען די וועלט האט נאך פון אונז ביידן ניט געוואוסט!" אונזערע נשמות... (לאכט).

בוירק (גיט זיך א לאז פאראויס): פארמאך דיין מויל!

סאפי (גיט א כאפ דעם פוס פון דער סקולפטור): די סקולפ־טור, בוירק!

בוירק (האלט זיך צוריק.)

סאפי: מיך קען מען אויפהערן ליבן, אבער נארן מיך האבן קיין קליגערע פון דיר ניט געקענט.

בוירק: גיב מיר דעם בריף!

סאפי (שפאטיש): עס שמעקט דיר ניט, כ'זאל אים, הארטמאנ'ען, דיין „בעסטן פריינט", איבערגעבן, א? (גיט אים אווארף דעם בריף, וועלכן זי האלט די גאנצע צייט צוזאמענגעדריקט אין איין האנט.) נא, פיינלינג, בארואיק זיך! איך וועל קיין מינוט דא ניט פארבלייבן מיט דיר מער. איך האב געמיינט דו ביסט א מאן, צום סוף ביסטו א... גארניט! (גייט שנעל ארויס).

בוירק (קוקט איר נאך, הויבט אויף פון דיל דעם בריף, טראכט א ווילע, גייט צו צום פארהאנג, הערט זיך איין, גייט שנעל ארויס.)

גארטמאן (קוקט פאר זיך אנגעשטרענגט. דרייט אויס דערנאך דעם קאפ, באגעגנט דעם יונגלינג'ס קאלטן בליק. ביידע קוקן זיך אן א ווילע. דער יונגלינג לייגט ארויף זיין האנט אף גארטמאנ'ס אקסל. עס נעמט טונקלען ביז עס ווערט פינסטער.)

(א פאוזע. ליכט אנטפלעקט זיך א שטיק פון א שלאפצימער, באלויכטן מיט ראזעווע שיין. עטהעל זיצט אן אויסגעטאנענע אין בעט. אף די קני האלט זי א גרויס שאכטל מיט טשאקאלאד און עסט. בא דער זייט שטייט לימער אין א שלאפראק, צוגעשפארט צום שרייב־טיש און רויכערט א סיגאר.)

לימער (מיט פארדרוס): איך קען קיין נאמען צו דעם אפילו ניט צוטראכטן. ס'איז איינפאך א פארבלענדעניש, אן אידיאטסטווא!

ע ט ה ע ל (שטופט אן א פולען מויל מיט טשאָקאָלאַד): היהי! וואָס דען? הי־הי!

ל י מ ע ר (קרימט זיך איר נאָך. בייז): הי־הי, הי־הי! ניי רעד מיט איר! האָט אָנגעשטאָפּט א מויל נאָר אַף צופּלאַצט צו ווערן! ווי א קליין קינד.

ע ט ה ע ל (קייט אַף שנעל, שלינגט אַראָפּ): אך, ווי געשמאק! עס זעט אויס נאָר פרישע טשאָקאָלאַדן, ערשט היינט געמאַכט. (כאַפּט זיך.) און איך זאָג דיר, אַז גאַרטמאַן האָט פּשוט מזל. דאָס אַלץ!

(פאַר דער טיר אין לייכט־בלויען שיין ערשיינט גאַרטמאַן. נאָך אים דער יונגלינג. גאַרטמאַן שפּאַרט זיך אָן מיט ביידע הענט אָן א קליין טישל, אַף וועלכן עס שטייט א סקולפּטור און קוקט זיך פאַרוואונדערט — דערשראָקן איין אין די לימערס.)

ל י מ ע ר: איינס פון ביידע: אָדער די קריטיקער זיינען בלינד, אָדער זיי פאַרשטייען לחלוטין ניט וואָס אמת'ע קונסט איז!

ע ט ה ע ל: און איך זאָג דיר, אַז דאָס העלפט אים פּלאָרענס ארויס. ווער ווייסט ניט, אַז דער דירעקטאָר שאַטער שטאַרבט נאָך אירע טריט? און אַז זי האָט געהאַט פאַרהעלטנישן מיט אייניקע פון די קריטיקער, בין איך זיכער. פאַרוואָס טאַקע ניט א טובה טאָן א געליבטן? צו טייער קאָסט עס איר דאָך געוויס ניט. קיין געזעצליכע פרוי, זי זאָל איר כבוד דאַרפען היטן, איז זי אויך ניט. פאַרוואָס־זשע טאַקי ניט?

ג אַ ר ט מ אַ ן (גיט זיך א ריס אַף פאָראויס. וואַרפט אַראָפּ די סקולפּטור אַפ'ן דיל און זי ווערט צעשמעטערט. ציט זיך עטוואָס דערשראָקן צוריק. די לימערס ציטערן אויף פונ'ם קלאַפּ, קוקן זיך פאַרוואונדערט איבער.)

ל י מ ע ר (גייט צו, באַטראַכט די צעבראָכענע סקולפּטור): זאָנדערבאַר. פּונקט ווי ס'וואָלט זי ווער א שטויס געטאָן.

ע ט ה ע ל (לייגט אריין א טשאָקאָלאַד אין מויל): פּופּצן דאָלאַר ערשט מיט צוויי וואָכן צוריק באַצאָלט.



ל י מ ע ר: ס'איז געפאַלן א האַלבן יאָרד פונ'ם טישל.

ג אַ ר ט מ אַ ן (קוטק אים אָנגעשטריינגט אין פּנים אריין).

ע ט ה ע ל (הערט אויף צו קייען): דו פאַנגסט מיך אָן שרעקן. וואָס ווילסטו, איך זאָל א גאַנצע נאַכט שוין מורא האָבן צו שלאָפן?

ל י מ ע ר: די דינסט האָט זי, מן־הסתם, קרום אוועקגעשטעלט.

ע ט ה ע ל: זיכער. (עסט ווידער) איך וועל איר שוין מאָרגן א גוטן נאָב דערפאַר געבן.

ל י מ ע ר (רויכערט. שטעלט זיך צוריק אַפ'ן פריערדיקן פּלאַץ, טראַכט א ווײלע): ניין, ניט דאָס. ער איז איינפאַך א גליקלאַכער מענטש. אַלץ גילט אים.

ע ט ה ע ל (קוקט זיך איין אין דעם שאַכטל טשאָקאָלאַד): און מיר געפעלט זיין לעצטע פּיעסע לחלוטין גאָרניט. אחוץ עטלאַכע שיינע סצענעס איז אין איר גאָרניט פאַראַן.

ל י מ ע ר: גיי רעד אָבער מיט די קריטיקער! אין יעדער קלייניקייט זעען זיי עטוואָס נייעס, איבעראַשנדיקעס. האָסט געדאַרפט זען זייער באַגייסטערונג בא דער פאָרשטעלונג. וועסט שוין מאָרגן, מן־הסתם, לעזן זייערע לויב־געזאַנגען אין די צייטונגען.

ע ט ה ע ל (נעמט א שטיקעל טשאָקאָלאַד, צוברעכט עס פאָרזיכטיק און קוקט זיך איין אין דעם): איך צווייפל גאָרניט, אַז דיינע דראַמען זיינען פיל בעסער און שענער. (גיט א לעק דאָס געפּילאַכץ פון איין זייטל פונ'ם טשאָקאָלאַד.) איך בלייב ביי מיינעם, אַז פּלאָרענס העלפט אים דאָ ארויס.

ג אַ ר ט מ אַ ן (שפּאַרט זיך צו צום טישל, לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ.)

ל י מ ע ר: נאַרישקייטן! (שפּאָטיש.) אויב אין אזא גרויסע זאַך האַנדלט זיך בלויז וועגן אזא קליינער טובה, פאַרוואָס זאָלסטו עס ניט טאָן פון מיינעטוועגן?

ע ט ה ע ל (באַליידיקט): איך בין א געזעצלאַכע פרוי, ניט

קיין געליבטע! (רוקט אריין ביידע שטיקלאך טשאָקאָלאַד אין מויל אריין).

לימער (נאָך אַ קליינער פּאוזע): ווייסט באַלד שרייען, אַז די ציין טוען דיר וויי!

עטהעל (קייט): ווען מען זאָל שוין אפילו צוגעבן, אַז זיינע דראמען זיינען אויסגעצייכנט, איז דאָך פון זיין זייט אַ גרויסע חזיר'יי, וואָס ער זעט ניט דיר, זיין בעסטן פריינט, ארויסצוהעלפן. ווען ער וויל נאָר שטארק, וואָלט ער שוין גע־פונען אַ וועג ווי צו צווינגען איינעם פון די טעאַטער־דירעקטאָרן דיינע אַ פּיעסע צו קויפן. (לייגט אריין נאָך אַ פּאָר טשאָקאָלאַדס אין מויל אריין.)

לימער: ער האָט שוין יאָ צוויי מאָל מיינע פּיעסן גע־נומען און זיי פאָרגעלעזן פאַר איניקע דירעקטאָרן. (זיפצט.) זיי זיינען אָבער ניט געפעלן. אַלענפאַלס, אַזוי האָט ער מיר געזאָגט.

עטהעל (בייז): ס'איז אַ ליגן! ער האָט זיי, מן הסתם, פאַר קיינעם ניט פאָרגעלעזן, מורא האָבנדיק דו זאָלסט אים פון זיין גרויסקייט ניט אַראָפּשטויסן.

לימער (שווייגט אַביסל): כ'ווייס ניט... כ'גלויב ער האָט זיי יאָ געלעזן. ווייסט, צייטנווייז האָס איך אים איינפאַך. בפרט, ווען זיין שמייכל ווערט אַזוי זיכער, שטאָלץ, נו פּונקט ווי ער וואָלט אַ קעניג געוועזן. ער מיינט, אַז זיין גרויסקייט איז שוין אויף אייביק! האָסטו באַמערקט, ווי זיגרייך ער האָט היינט געהאַלטן דאָס דיקע פּעקל באַגריסונגס־טעלעגראַמען?

עטהעל (צובריכט נאָך אַ טשאָקאָלאַד, קוקט אריין אין אים): גאַנץ מעגלאַך, אַז פילע פון זיי האָט ער זיך אַליין געשיקט, אום אונז די אויגן צו פאַרבלענדן.

לימער: און ווי ער האָט זיך מיט אַ גאַנצן אָוונט גע־האַלטן אַזוי קאַלטבלוטיק, אַביסל טרויעריק.

עטהעל (קייט): און איך גלויב, אַז די גאַנצע שרעקלאַכע געשיכטע מיט'ן זומפּ, וואו ער האָט זיין אייגענעם קערפּער גע־



זען, איז ניט מער ווי אַן אָנשטעל. (נעמט דעם פודל טשאָקאָלאַד, קוקט אריין אין דעם).

לימער (נערוועז): הער שוין אַמאָל אויף צו עסן די זיס־קייטן. די ציין וועלן דיר דאָך באַלד כאַפּן! ווי ווערט עס דיר ניט מיאוס?

עטהעל: באַלד... יאָ... אַלץ איז בא אים אַן אָנשטעל. (שטופּט אָן דאָס מויל מיט טשאָקאָלאַד).

לימער: מיט דער געשיכטע האָט ער געוואָלט ארויס־ברענגען, אַז ער שאַפט בלויז ווייל ער מוז עס טאָן, אַז ער גע־דענקט שטענדיק דאָס נישטיקייט פון'ם מענטשן מיט'ן לאָרבער־קראַנץ און שמוץ.

עטהעל (קייט): הי־הי — זיכער... הי־הי!

לימער: אָבער איין זאַך מוז איך אים נאָך ווען עס איז פרעגן: פאַרוואָס . . .

עטהעל (כאַפּט זיך פאַר דער באַק): אַך גאָט מיינער, די ציין! לאָז מיך צורו מיט דיינע פריינט! (שטעלט האַסטיק אַוועק דאָס שאַכטל.) איך וויל שוין מער פון זיי ניט הערן! (לייגט זיך אַוועק.)

לימער (צו זיך): פרעסט טשאָקאָלאַד ווי אַ חזיר פוילע באַנאַנעס און וויל נאָך די ציין זאָלן איר ניט וויי טאָן! (פאַר־רויכערט.)

(אין שלאָף־צימער פאַנגט אָן צו טונקלען, ביז ס'ווערט פינסטער. פאַר דער טיר האַלט אָן די זעלבע ליכט ווי פריער).

גאַרטמאַן (דרייט זיך אויס צום יונגלינג): פירסטו מיך שוין צוריק?

דער יונגלינג (שאָקלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין.)

גאַרטמאַן (מיט שרעק): וואָס נאָך ווילסטו בא מיר אוועקנעמען?

דער יונגלינג: די צוקונפט וויל איך דיר ווייזן. בלויז אַ פּאָר בליקן אין דער צוקונפט. (לייגט זיין האַנט אויף גאַרטמאַנ'ס אַקסל. עס ווערט לאַנגזאַם פינסטער.)

(אַ פּאַוזע. אין דער טיפקייט פון דער מיטלסטער וואַנט אַנטפּלעקט זיך אַ רייך אויסגעפּוצטער בודואַר, באַלויכטן מיט אַ רויטן ליכט. אַף אַ סאָפע רעכטס ליגט פלאָרענס אין אַ לייכטן הויז־קלייד, רויכערט אַ סיגאַרעט און קוקט אין אַ בוך. קעגנאיבער אין טונקעלן ווינקל ערשיינט גאַרטמאַן, נאָך אים דער יונגלינג.)

גאַרטמאַן (קוקט זיך אַרום, באַמערקט פלאָרענס'ן, ציטערט אויף, טרעט צוריק, דרייט זיך אויס און וויל אַרויס פון צימער.)

דער יונגלינג (שטרעקט אויס די האַנט און שטעלט אים אָפּ.)

גאַרטמאַן (קוקט אָן דעם יונגלינג מיט האַס): דאָ אין צימער האָב איך ניט וואָס צו טאָן.

דער יונגלינג (ענטפערט ניט. קוקט אים גלייך אין גע־זיכט אַריין).

גאַרטמאַן: איך וועל עס דיר קיין מאָל ניט גלויבן!

דער יונגלינג (ענטפערט ניט.)

גאַרטמאַן (קוקט זיך איין אין פלאָרענס'ן, דרייט זיך האַסטיק אויס צום יונגלינג): ס'א ליגן!

דער יונגלינג (שטיל, פעסט): עס וועט זיין אמת!

גאַרטמאַן (בויגט אָן דעם קאָפּ, לאָזט זיך אַראָפּ אַף אַ שטול.)

(אַ פּאַוזע.)

די דינסט (ערשיינט שטיל. גייט צו צו פלאָרענס'ן): ער איז שוין דאָ, מאַדאַם.

גאַרטמאַן (ציטערט אויף. הויבט אויף דעם קאָפּ.)

פלאָרענס): (לייגט אַוועק דעם, זעצט זיך אויף): וואו איז ער?

די דינסט: אין עס־צימער.

פלאָרענס (שטייט אויב): האָסטו אַליין אים דאָס טירל פון גאָרטן געעפנט?

די דינסט: יאָ, מאַדאַם.

פלאָרענס (לעשט אויס דעם סיגאַרעט): ביסטו זיכער, אַז קיינער פון גאַס האָט אים ניט באַמערקט אַריינגייענדיק?



די דינסט: פאָלקאָמען זיכער.

פלאָרענס (גייט שנעל צו צום שפּיגל, מאַכט צורעכט דאָס פּנים): לאָז אים אַריין!

די דינסט (מאַכט איר צורעכט די האָר פון הינטן און דאָס קלייד. גייט אַרויס.)

סווינגער (ערשיינט, שטייט אַ ווײַלע בײַ דער טיר, שטרעקט אויס צו פלאָרענס'ן די הענט): טייערע מיינע!

גאַרטמאַן (שפּרינגט האַסטיג אויף, קוקט זיך איין אין סווינ־גער'ן ציטערנדיק מיט'ן גאַנצן קערפּער.)

פלאָרענס (וואַרפט זיך אין סווינגער'ס אָרעמס): ליבער! (זיי קושען זיך).

גאַרטמאַן (זיין פּנים נעמט צוקן און קרימט זיך אויס אין אַ געוויין. ער פאַרדעקט עס מיט ביידע הענט).

סווינגער: ווי שרעקלאך לאַנג עס האָט זיך היינט דער אָוונט געצויגן! כ'האָב ניט געקענט שפּילן זעענדיק דיך זיצן צוזאַמען מיט גאַרטמאַנ'ען.

פלאָרענס (גלעט זיינע האָר): אַך, דו נאַרישער איינגל!

סווינגער (פירט זי צו דער סאָפע): ווייסט, איין גע־דאַנק האָט מיך די גאַנצע צייט פאַרפאָלגט: אַראָפּצולויפן פון דער בינע, דיך אַרומנעמען און זיי אַלעמען ערקלערן, אַז דו ביסט מיין געליבטע, אַז כ'וועל דיך אַף דער גאַנצער וועלט ניט אויס־בייטן! (דריקט זי צו זיך.)

פלאָרענס (לאַכט שטיפעריש): נאַרישער איינגל! דו וואָלסט דאַן די גרעסטע נאַרישקייט באַגאַנגען. בלויז אַזוי זיך טרעפנדיק קענען מיר אמת גליקלאַך זיין.

סווינגער (זעצט זיך אַף דער סאָפע, ציט זי אַרויף צו זיך אַף די קני). אָבער איך קען ניט איבערטראָגן, ווען ער נעמט דיך אַרום, קושט דיך.

פלאָרענס (שויבערט אים די האָר. לאַכט): אין יעדן מאַן איז אַזוי פיל קינדערשעס פאַראַנען. נו, וואָס קימערט דיך,

ווען ער קריגט אויך אביסל ליבע? צו האסטו אים שוין אינ־גאנצן פיינט? איך גלויב עס נים. כ׳ווייס, ער איז בעסער פון מיר. (ציט זיך ליידנשאפטלאך.) אין מיר איז פאראנען ליבע פאר א גאנצער וועלט און כ׳וואלט גאר קיין מאל נים מיד גע־ווארן שיינע אינטערעסאנטע מענער מיט איר איינצוטיילן. (לאכט שטיל, פארפירעריש. נעמט ארום זיין האלז.) דיך, ליבער, דארף אבער קיין זאך נים ארן, אזוי לאנג ווי צו דיר ציט מיין הארץ, ווי דיך וויל איך. (ציט זיך מיט׳ן גאנצן קערפער צו אים.)

**סווינגער** (ציטערט): דו ביסט א שלאנג, פלארענס, א צויבערנדע, גיפטיקע שלאנג! (בייסט זיך איין מיט די ליפן אין איר ברוסט.)

**פלארענס** (קרעכצט ליידנשאפטלאך): אך, דו אינגל — ליבער מיינער! (דריקט צו זיין קאפ צו זיך).

**גארטמאן** (הויבט אויף דעם קאפ און קוקט אף זיי. זיין פנים איז ווי אלט געווארן, די באקן איינגעפאלן, די אויגן טיף און אויסגעלאשן.)

**סווינגער** (אויפגערעגט): דו קענסט משוגע מאכן!

**פלארענס** (פארווארפט דעם אויבערשטן האלבן קערפער אף הינטן. די האר צופאלן זיך): יא, יא... משוגע דארף מען זיין ווען מען ליבט. משוגע, משוגע!

**סווינגער**: איך וועל דיך צורייסן! אף שטיקער צו־רייסן! אף שטיקער! ביסט א שלאנג! א גיפטיקע שלאנג! (דריקט זי צו זיך.)

(אין צימער ווערט טונקל, בלויז דער ווינקל, וואו גארטמאן גע־פינט זיך בלייבט אין פריערדיקן האלבן־שיין. א קורצע פאוזע.)

**גארטמאן** (רירט זיך נים פון ארט, קוקט גלייכגילטיק פאר זיך.)

**דער יונגלינג**: גארטמאן!

**גארטמאן** (ענטפערט נים. רירט זיך נים פון ארט.)

**דער יונגלינג**: גארטמאן, קום ווייטער.

**גארטמאן** (שאקלט מיט׳ן קאפ אף ניין): מען דארף נים.



**דער יונגלינג**: כ׳האב דיר נאך נים אלעס געוויזן.

**גארטמאן**: מען דארף נים. דו קענסט שוין בא מיר איצט קיין זאך מער נים צונעמען: איך פארמאג שוין גארנים, איך בין דער ארימסטער אף דער גאנצער וועלט.

**דער יונגלינג**: איין שעה נאך דעם ווי דו ביסט דער גליקלאכסטער געווען?

**גארטמאן**: אלץ איז נים מער ווי א נארעריי. פיר מיך אהיים!

**דער יונגלינג**: באלד. נאך איין זאך אבער מוזטו זען, זיך נאך פון איין צווייפל באפרייען. (ער לעגט ארויף זיין האנט אף הארטמאן׳ס אקסל. עס נעמט טוקלען.)

(גארטמאן (לאזט טיף אראפ דעם קאפ.)

(עס ווערט פינסטער. א פאוזע. עס אנטפלעקט זיך א ראג פון א לאנגער, שמאלער פינסטערער גאס מיט ארימע, הויכע הייזער. איבער׳ן וועג געפינט זיך א העל־באלויכטענער שענק פון וואנען עס רייסן זיך ארויס שכור׳ע געשרייען און געזאנגען. אפ׳ן ראג אונטער א לאמטערן שטייט גארטמאן און הינטער אים דער יונגלינג.)

**גארטמאן** (קוקט זיך מיד ארום, דרייט אוים דעם קאפ צום יונגלינג): נאך וואס האסטו מיך אהער געבראכט? וואס פאר א שוידער קען נאך דא אף מיר ווארטן?

**דער יונגלינג** (ענטפערט נים. קוקט אף א טונקעלן שאטן בא דער וואנט קעגנאיבער, וועלכער גיסט זיך ווי צוזאמען מיט׳ן שאטן וואס פאלט פון גארטמאנ׳ען.)

**גארטמאן** (פאלגט נאך זיין בליק, קוקט זיך איין אין שאטן.)

**די גאסן פרוי** (ערשיינט פון דער גאס רעכטס. גייט לאנג־זאם צו, קוקט אריין אין שענק. פון לינקס קומט אן א פארבייגייער. זי באמערקט אים, ברייננט זיך אביסל אין ארדנונג, גייט אים אנטקעגן. שטעלט אים אפ): א גוטער אוונט, הער!

**דער פארבייגייער** (ווארפט אף איר א שנעלן בליק): איך האב קיין צייט נים.

די גאסן־פרוי (לאכט אנציענדיק): ווי קלוג איר האט עס געזאגט! אבער ווער פירט עס געשעפטן אזוי שפעט באנאכט?

דער פארבייגייער (קוקט זי אן): האב איך עס טאקע אין אן אמת'ן אזוי קלוג געזאגט?

די גאסן־פרוי: האט איר עס אליין ניט באמערקט?

דער פארבייגייער (שאקלט מיט'ן קאפ): ניין.

די גאסן־פרוי: ס'איז ווייל איר זייט א קלוגער מענטש. (גייט צו, נעמט אים אן פאר'ן ארים): קומט אביסל מיט מיר. אפילו די קלינסטע מענטשן נויטיקן זיך צייטנווייס אין א ביסל פארגעניגן.

דער פארבייגייער (טראכט א ווײלע): אבער... וויפיל ווצט עס קאסטן?

די גאסן־פרוי (קוקט אים פארפירעריש אין געזיכט אריין): דאס איז שוין גאר א קלייניקייט. פאר א גוטן מאמענט לוינט זיך שטענדיק גוט צו באצאלן. (ציט אים מיט זיך.) נו, קום, טייערינקער!

דער פארבייגייער (האלט זי אפ): אבער פארט, וויפיל?

די גאסן־פרוי (קוקט אף אים): ביסט א יונגער און א שיינער, ווי איך זע, אויך. נו קום, קום! דו געפעלסט מיר. מיר וועלן שוין דארטן זען. (פירט אים מיט זיך.)

דער פארבייגייער (גייט איר נאך): אבער איך מוז דאך ווייסן... איך וועל דיר... (ביידע פארשווינדן ערגעץ־וואו הינטער'ן שענק.)

(פונ'ם שענק פרעלן ארויס צוויי שכורים, שרייענדיק און לאכנדיק. זיי נעמען זיך ארום, פארציען א ליד און גייען, זיך וואקלענדיק, אוועק. ווייט, אין דער טיפעניש פון גאס לויפט דורך מיט א רויש א טראמוויי.

דער שאטן (קעגנאיבער גארטמאנ'ען פאנגט זיך אן רירן, צעלאכט זיך מיט אן אלטער, כארכלדיקער שטימע.)



גארטמאן (צום יונגלינג): צו וואס מיך נאך קוועלן? איך גלויב דיר שוין. איך קען שוין ניט מער.

דער יונגלינג (ענטפערט ניט).

דער שאטן (קומט צו נענטער, זיך האלטנדיק די גאנצע צייט אין שאטן פון גארטמאנ'ס פיגור. צעלאכט זיך ווידער.)

גארטמאן (קוקט זיך איין אין אים): פון וואס לאכסטו אזוי, אלטער?

דער שאטן: פון דער וועלט לאך איך. פון דער גאנצער וועלט!

גארטמאן (ביטער): אפשר, אויך אמאל א גליקלאכער מענטש געווען?

דער שאטן: יא, א דומער קערל גיוועזן, גלייך מיט אלע אנדערע.

גארטמאן: ווער ביסטו, אלטער?

דער שאטן (שאקלט טרויעריק מיט'ן קאפ): דו דערקענסט מיך ניט, גארטמאן?

גארטמאן: דו ווייסט מיין נאמען?

דער שאטן (לאכט): יא, יא. איך ווייס דיין נאמען. אזוי פיל יארן מיט דיר צוזאמען פארבראכט. אזוי פיל יארן.

גארטמאן (קוקט זיך איין אין אלטן): צוזאמען, זאגסטו? ביזטו זיכער?

דער שאטן: יא, צוזאמען... זיך אפילו ניט שיידנדיק אף קיין איין רגע.

גארטמאן (מאכט א שפאן פראאויס): איך פארשטיי דיך ניט!

דער שאטן: כא־כא־כא... אז מען איז יונג, פארשטייט מען אזוי פיל גאנץ איינפאכע זאכן ניט.

גארטמאן: ווי שרעקלאך דו זעסט אוים! ווי...

דער שאטן: כא־כא־כא! מעגסט ענדיקן, דארפסט מיך ניט שאנעווען. ווי שרעקלאך און ווי אפשיילאך! כא־כא־כא... איך ווייס עס אליין זייער גוט. ארימקייט, ברודערל מיינס,

פארדרוס, בראָנפן און האס צו דער וועלט טוען אָן א שרעקלאכע מאסקע אפ'ן מענטשנס געזיכט. כא־כא־כא. און דאָך בין איך אמאָל געוועזן א בארימטער דראמאטורג, און מיין געליבטע איז אָן שום צווייפל די שענסטע פרוי אין שטאָט געווען. כא־כא־כא. די שענסטע און די גרעסטע און שמוציקסטע בזעסטיע איז זי געווען!

ג א ר ט מ א ן (טרעט צו גאָר נאָנט צום אַלטן, קוקט זיך איין אין זיין פנים).

ד ע ר ש אָ ט ן: דו דערקענסט מיך נאָך אַלץ ניט?

ג א ר ט מ א ן (ענטפערט ניט, קוקט זיך איין אין שאָטן).

ד ע ר ש אָ ט ן: ס'איז ווייל מיר געדענקען די פארגאנגענהייט, קענען אָבער ניט פאָראויסזען די צוקונפט.

(א פאוזע. ביידע קוקן זיך אָן).

ג א ר ט מ א ן: זאָג מיר ענדלאך ווער ביסטו?

ד ע ר ש אָ ט ן (שארף): איך בין דו... דער שפעטערדיגער גארטמאַן!

ג א ר ט מ א ן (גיט א קרעכץ, טרעט צוריק, כאפט זיך אָן פאר'ן לאָמטערן.)

ד ע ר ש אָ ט ן (טרעט צו גאָר נאָענט צו אים, רעדט בימער און שפּאָטיש און עפּעס זידט און קלאָקאָטשעט אין זיין ברוסט): כא־כא־ א מענטש האָט זיך אַליין ניט דערקענט! כא־כא־כא!

ג א ר ט מ א ן (לאָזט זיך מאַכטלאָז אַראָפּ אָף דער ערד, ניט ארויסלאָזנדיק דעם סלופּ פון לאָמטערן פון זיינע הענט.)

ד ע ר ש אָ ט ן (שפּאַנט אָף צוריק): אזוי איז שוין דאָס לעבן פון תמיד אָן אָף שטענדיק. כאָ־כאָ־כאָ... (ווערט פאר־שוואונדן אפ'ן זעלבן פלאַץ ווי ער איז דערשינען.)

ד ע ר י ו נ ג ל י נ ג (קוקט א ווײַלע אָף גארטמאַנ'ען.)

ג א ר ט מ א ן (הויבט אויף דעם קאָפּ צום יונגלינג, פון זיין הארץ רייסט זיך ארויס א טיפער קרעכץ): אהיים! איך קען שוין ניט מער! פיר מיך גלייך אהיים!



ד ע ר י ו נ ג ל י נ ג (בויגט לייכט אָן דעם קאָפּ, לייגט ארויף זיין האַנט אָף גארטמאַנ'ס אַקסל.)

(ס'ווערט פינסטער. א פאוזע. עס אַנטפּלעקט זיך גארטמאַנ'ס צימער. אַלעס ווי פריער. גארטמאַן שטייט אין מיט'ן צימער, האַלט ביידע הענט צוגעדריקט צו די אויגן. דער יונגלינג שטייט קעגן אים.)

(א פאוזע.)

ד ע ר י ו נ ג ל י נ ג: פארשטייסטו שוין איצט ווי שטארק די געטער ליבן דיך? פון וויפיל טויטן דיין יונגער טויט וועט דיך באפרייען? שטארבן אין צייט האָט ניט יעדער איינער דעם זכות. איצט, גארטמאַן, גיב איך איבער דיין לעבן אין דיינע אייגענע הענט. מיין וואָרט איז הייליק. אויב דו ווילסט — קענסטו ווייטער לעבן און וואַרטן אָף די קומענדיקע געשעענישן, אָף די קומענדיקע טויטן. אויב אָבער ניט... (ער טרעט אָפּ צו־ריק, קוקט אָף גארטמאַנ'ען א ווײַלע און ווערט פארשוואונדן אין רעכטן ווינקל, פון וואַנען ער איז דערשינען. דער נעפּל ארום בלייבט נאָך הייגגען אין דער לופטן.)

(א פאוזע.)

ג א ר ט מ א ן (נעמט אַוועק די הענט פונ'ם געזיכט, גייט שווער און לאַנגזאַם צו צום שרייב־טיש, עפנט א קעסטל, נעמט ארויס א רע־וואָלווער, לייגט אים צו צו דער ברוסט, שטייט אזוי אביסל. ציטערט באַלד אויף, כאַפּט דעם רעוואָלווער אַוועק פון זיך, שטייט האַלטנדיק אים אין דער אויסגעשטרעקטער האַנט און זיך אַרומקוקנדיק מיט בלאָנדזשענדיקע אויגן. אין דער טיפעניש פון צימער ווערט האַלב־טונקל. א פאוזע. אין דער נעבלדיקער טונקלקייט גייען פארביי גארט־מאַנ'ס פריינט. דער ערשטער קומט לימער, אין שלאָף־ראָק, מיט'ן סיקאַר אין מויל. ער בלייבט שטיין, קוקט אָף גארטמאַנ'ען מיט א שפּאָטישן בליק, לאַכט סאַרקאַסטיש, פארשווינדט. נאָך אים דערשיינט בוירק. קוקט אָף גארטמאַנ'ען מיט א בייזן, ניט־פארגינענדיקן בליק. פארשווינדט. נאָך אים גייט טרויעריק, מיט א געבויגענעם קאָפּ, פארביי סאָפי. דער־נאָך שוועבן דורך, פעסט צוגעדריקט איינער צום צווייטן, סווינגער מיט

פלאָרענס'ן. ביידע קוקן אַף אים מיט שפּאָט, לאַכן. דער לעצטער קומט גאַרטמאַנ'ס שאָטן. ער לאַכט ניט, זיין בליק איז טרויעריק, שאָקלט אומ־צופרידן מיט'ן קאָפּ. צענעמט די הענט, פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן: „פאַרפאַלן, אַלץ פאַרפאַלן." די שאָטנס פאַרשווינדן. גאַרטמאַן גלייכט זיך אויס און דריקט צו דעם רעוואָלווער צום האַרצן. אַ קליינע פּאַוזע. פון זיין ברוסט רייסט זיך פלוצלינג אַרויס אַ פאַרצווייפלטער יאָמער־קרעכץ און באַלד נאָך דעם שיסט ער אויס. פאַלט און שטאַרבט. אַ פּאַוזע.)

(דער פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.)

# צוויי פאָטערס

(אַ דראַמע)

פּערזאָנען:

הענרי מילער, 54 יאָר.
אדאָלף, 20 יאָר } זיינע זין.
איזידאָר, 21 יאָר }
דר. לענסער, 50 יאָר.

אַ רייכער פּרויען־שלאָפצימער. אין דער מיטלסטער וואַנט צוויי פענסטער. די טיר רעכטס. לינקס אַ בעט. אין ווינקל אַ קאָמאָד מיט קלייניקייטן פון פּרויען־טואַלעט. נעבן בעט אַ קליין טישל און צוויי שטולן בײַ די זייטן. אַפ׳ן טישל און קאָמאָד — בלומען. אַף די ווענט צוויי גראַווירן און אַ גרויסע בילד פון אַ יונגער, שיינער פרוי, באַפּוצט מיט טרויער־קרעפּ. אַף איין שטול ליגט אַ קלייד. פון אונטער׳ן בעט קוקן אַרויס פּרויען־שיך.

די בינע איז ליידיק. אַ קליינע פּויזע. עס הערט זיך ווי מען שליסט אויף די טיר. זי עפנט זיך לאַנגזאַם. מר. מיללער ערשיינט מיטביידע זין. אַדאָלף האַלט אַרומגענומען דעם פאָטער, איזידאָר גייט נאָך פון הינטן.

מ ר. מ י ל ע ר (בלייבט שטיין בײַ דער טיר, קוקט זיך ארום טרויעריק, שאָקלענדיק מיט׳ן קאָפּ): ס׳איז דאָ איצט פּוסט, קינ־דער מיינע. ניטאָ מער אייער האַרציקע מוטער און וועט שוין קיינמאָל מער ניט זיין. (ווישט די טרערן.)

א י ז י ד אָ ר (קערט אָפּ דעם קאָפּ, ווישט אויס די טרערן).

א ד אָ ל ף (זיפצט): נו גענוג, פּאַפּאַ. גענוג, כ׳בעט דיך. אונזערע הערצער ווערן אין שטיקער צוריסן, אָבער אונזער מוטער וועט עס צוריק לעבעדיק ניט מאַכן. קום פון דאַנען: דאָס פּלאַץ רעגט דיך אויף. דו ביזט נאָך צו שוואַך.

א י ז י ד אָ ר: די מוטער האָט אונז עטלאַכע מאָל אָנגע־זאָגט אַף דיר אַכטונג צו געבן. זי האָט געבעטן, מיר זאָלן דיך איינגאַנצן צו איר אין צימער ניט אריינלאָזן און נאָך איר טויט זען וואָס גיכער אַף אונזער פאַרם אַוועקפאָרן.

מ ר. מ י ל ע ר (זיפצט): יאָ... ביז דער לעצטער מינוט איז זי פאַרבליבן די זעלבע גוטע, איבערגעגעבענע נשמה, וואָס זאָרגט און קימערט זיך בלויז פאַר אַנדערע.

א ד אָ ל ף: מיר דארפן שטאַלץ זיין מיט אונזער מוטער!

א י ז י ד אָ ר: און איר וואונש מוז בא אונז הייליק זיין. (לעגט ארויף די האַנט אַף'ן פאָטער'ס אַקסל.) קום, פּאַפּאַ, פון דאַנען.

א ד אָ ל ף: יעדע קלייניקייט דאָ אין צימער דערמאָנט אָן עפּעס און טוט וויי. (נעמט פונ'ם קאָמאָד די צוויי קליינע בילדלאַך.) אָט בין איך מיט אדאָלפ'ן נאָך אַלס קינדער אין קורצע הייזלאַך. די מוטער האָט זייער ליב געהאַט די בילדער.

א י ז י ד אָ ר: גענוג, אדאָלף! פּאַפּאַ, אַלץ איז שוין פאַרטיק און מאָרגן פרי פאָרן מיר אַף אונזער פאַרם.

א ד אָ ל ף: יאָ, מאָרגן פרי. כ'בין זיכער, די פרישע לופט, די פרייע פעלדער און וועלדער וועלן אונז אַלעמען באַרוהיקן, אין אָרדנונג ברענגען אונזערע צורודערטע נערוון.

מ ר. מ י ל ע ר: גוט, קינדער, מאָרגן פאָרן מיר. אָבער איצט לאָזט מיך אַבּיסל אַליין. זייענדיק דאָ אין צימער פיל איך דייטלאַך, אַז אייער מוטער לעבט. זי שטייט אין יעדן ווינקל, אָטעמט פון יעדער קלייניקייט, און די לופט איז פול מיט איר שטימע, מיט אירע שמייכלען און באַוועגונגען. ווען מיר וועלן צוריקקומען וועט שוין אַלץ זיין אויסגערייניקט און איר גייסט וועט זיך שוין דאָ מער ניט פילן. לאָזט מיך אַבּיסל אַליין.

א ד אָ ל ף (קוקט זיך איבער מיט'ן ברודער): גוט, פּאַפּאַ. מיר וועלן דיך לאָזן דאָ אַליין, אָבער אַף אַ האַלבע שעה, ניט מער. דאָקטאָר לענסער האָט אונז אָנגעזאָגט דיך וואָס ווייניקער אַליין צו לאָזן אין . . .

א י ז י ד אָ ר (ענדיקט): און דיך וואָס ווייטער פון דער מוטער'ס צימער צו האַלטן. און ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלאַך. מיך כאַפּט אָן אַ געוויין, ווען כ'גיי בלויז פאַרביי דעם צימער.

א ד אָ ל ף (צום ברודער): קום! (צום פאָטער.) מיר וועלן באַלד זיין צוריק. (גייען ארויס).

מ ר. מ י ל ל ע ר (שטייט אַ ווײַלע באַוועגלאָז, הערט זיך צו. קוקט זיך אַרום, גייט לאַנגזאַם צום בילד אַפ'ן וואַנט, ציט אַראָפּ דעם טרויער־טוך, קוקט זיך איין, שטרעקט אויס צו דעם די הענט מיט אַ קרעכץ: „סאָפי, טייערע!” פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט. אַ קליינע פּויזע. לאָזט זיך גיין צום בעט, באַמערקט אַפ'ן שטול דער פרוי'ס קלייד. נעמט עס, באַטראַכט עס, דריקט עס צו צו די ליפּן, לעגט עס אַוועק. גייט איבער דאָס צימער, בלייבט שטיין באַם קאָמאָד. נעמט פאַרשידענע קלייניקייטן, באַטראַכט זיי זאָרגפעלטיק, בלאָזט אָפּ פון זיי דעם שטויב. קוקט זיך איין אין די צוויי קליינע בילדלאַך און רעמלאַך. שטייט אַ ווײַלע פאַרטראַכט. רוקט נאָכהער צו אַ שטול, זעצט זיך, הויבט אָן אַרויסרוקן די שופלאָדן פונ'ם קאָמאָד און דורכקוקן די זאַכן. נעמט איין מאָל אַרויס אַ פּאַק ווייסע וועש און פאַרגראָבט אין דעם דאָס פּנים. פונ'ם לעצטן שופלאָד נעמט ער אַרויס אַ קליין קעסטעלע. באַקוקט עס נייגעריק, עפנט עס, נעמט אַרויס דריי בריוו, קוקט דורך דעם ערשטן און שפּרינגט אויף אַ דערשראָקענער. קוקט זיך פאַרלאָרן אַרום. לעזט דורך די איבעריקע צוויי בריוו און כאַפּט זיך אָן פאַר'ן קאָפּ. לויפט האַסטיק צו צום בילד, וואַרפנדיק מיט די הענט, און שרייט מיט צאָרן: „סאָפי! סאָפי!” דריקט צוזאַמען די בריוו מיט די הענט, כאַפּט פונ'ם שטול דער פרוי'ס קלייד און שליידערט עס אַוועק. פאַנגט אָן האַסטיק צו קלינגען. די זין לויפן אַריין דערשראָקענע.)



א ד אָ ל ף (כאַפּט אָן דעם פאָטער פאַר'ן האַנט): פּאַפּאַ, וואָס איז געשען?

א י ז י ד אָ ר: וואָס איז מיט דיר, פּאַפּאַ?

מ ר. מ י ל ל ע ר (לעגט שנעל אַריין די בריוו אין קעשענע, כאַפּט אָן דעם עלטערן זון פאַר'ן אַקסל, נאָכהער דעם אינגערן, קוקט זיך איין מיט ברייט־אָפענע אויגן אין זייערע פּנים'ער.

א ד אָ ל ף: פּאַפּאַ, קום צו זיך!

א י ז י ד אָ ר (לעגט ארויף זיין האַנט אַפ'ן פאָטער'ס קאָפּ): פּאַפּאַ, אום גאָטעס ווילן!

מ ר. מ י ל ע ר (וואַרפט אַראָפּ איזידאָר'ס האַנט פונ'ם קאָפּ. קוקט זיך איין אין די קינדער'ס פּנים'ער): וועלכער? וועלכער? מיין גאָט, וועלכער?

א ד אָ ל ף: דו דערקענסט אונז ניט?

א י ז י ד אָ ר: גאָט, ער האָט זיין פאַרשטאַנד פאַרלוירן!

מר. מילער (ברעכט די הענט): הא, שרעקלאך, שרעק־לאך! (קוקט זיך ווידער איין אין די קינדער.) וועלכער? וועלכער?

אדאלף (צום ברודער): רוף אפ דאקטאר לענסער! שנעל!

איזידאר (לויפט ארויס און לאזט הינטער זיך די טיר אפן).

אדאלף (רוקט צו א שטול): זעץ זיך, פאפא. ציטער ניט אזוי. דער דאקטאר וועט באלד זיין דא. (וויל אים אונטער־האלטן).

מר. מיללער (לאזט זיך ניט אנרירן): גיי אוועק פון מיר! (שליידערט אוועק דעם שטול, זעצט זיך אין בעט און פארדעקט דאס פנים מיט די הענט).

איזידאר (רעדט הינטער דער בינע אפ'ן טעלעפאן): יא, דאקטאר! קומט די מינוט. יא. מיט'ן פאפא. כ'וויים גארניט. קומט וואס ניכער! (קומט שנעל אריין אין צימער. די ברידער קוקן זיך דערשראקן איבער און אדאלף צונעמט אומפארשטענדלאך מיט די הענט. א קליינע פויזע).

איזידאר (שטיל): פאפא...

מר. מילער (נעמט אוועק די הענט פונ'ם פנים און הויבט זיך ווידער אן איינקוקן אין די קינדער'ס געזיכטער).

אדאלף: וואס קוקסטו אזוי, פאפא? זאג, וואס איז נעשען?

איזידאר: האסט זיך פאר עפעס דערשראקן?

מר. מיללער (לאבט שטיל און ביטער. אדאלף גייט לאנגזאם איבער'ן צימער. איזידאר שפארט זיך אן אין זייטל פונ'ם בעט. א קליינע פויזע. אדאלף באמערקט אפ'ן דיל דאס קליינע קעסטעלע. ער ווייזט אויף דעם אן דעם ברודער. ביידע גייען צו, עפענען עס, קוקן זיך איבער. שטעלן עס צוריק אוועק. עס הערט זיך דאס צופארן פון אן אויטאמאביל. אדאלף גייט שנעל ארויס, קומט גלייך אריין מיט דאקטאר לענסער.)

דר. לענסער (קוקט זיך שנעל ארום): וואס איז נעשען? (קוקט זיך אנגעשטרענגט איין אין אדאלפ'ן).

אדאלף (צונעמט די הענט): איך ווייס ניט. דער פאפא



האט היינט א גאנצן טאג זייער שלעכט געפילט. מיט א האלבע שעה פריער זיינען מיר אריינגעגאנגען אהער אין צימער און ער האט אונז געבעטן אים דא לאזן אביסל אליין. מיר זיינען ארויס און באלד דערהערט זיין האסטיקן קלינגען. מיר זיינען אריינ־געלאפן און אים געטראפן א שרעקלאך אויפגערעגטן. ער רעדט אזעלכע אומפארשטענדלאכע רייד, פונקט ווי...

איזידאר: ער האט אונז אנגעכאפט ביידן פאר די פלייצעס, זיך גענומען איינקוקן אין אונזערע פנימ'ער און היס־טעריש פרעגן: „וועלכער, גאט מיינער, וועלכער?" מיר פאר־שטייען ניט פון וואס ער רעדט.

אדאלף (ווייזט אויף דעם קעסטל אפ'ן פלאר): די מאמע פלעגט אין דעם קעסטעלע האלטן אירע בריוו. אפשר האבן אייניקע פון זיי אזוי געווירקט אפ'ן פאפא?

דר. לענסער (ווארפט א בליק אפ'ן קעסטעלע): גוט, לאזט אונז אביסל אליין און איך וועל שוין זען, וואס איז מיט אים.

אדאלף: טאמער איז ווענים צרות געווען... (זיפצט.)

איזידאר: מיר וועלן ווארטן אין עס־צימער. (ביידע אפ.)

דר. לענסער (גייט צו, הויבט אויף דאס קעסטעלע. עפנט עס שנעל, קוקט אריין און פירט גלייך איבער דעם בליק אף מיללער'ן. זיפצט שווער אפ. שטעלט אוועק דאס קעסטעלע אויפ'ן קאמאד, רוקט צו א שטול צום בעט, זעצט זיך. זאגט שטיל, נאר פעסט): הערריי!

מר. מיללער (גיט זיך א לייכטן באוועג, אבער הויבט ניט אויף דעם קאפ.)

דר. לענסער: הערריי, זעץ זיך אוועק און דערצייל מיר רואיק, וואס האסטו צווישן דיין געשטארבענער פרוי'ס בריוו געפונען?

מר. מילער (זעצט זיך האסטיק אויף, נעמט ארויס פון קעשענע און דערלאנגט אים די בריוו): נא, לעז!

דר. לענסער (גלייכט אויס די בריוו, ציטערט אויף, קוקט

זיי לייכט דורך, דריקט צוזאַמען די שלייפן מיט איין האַנט): האָבן די קינדער באַמערקט די בריוו?

מר. מילער: ניין.

דר. לענסער (זיפצט אָפּ פריי. טראַכט אַ ווײַלע. רוקט עטוואָס צו דעם שטול.) איצט, הערדי, הער מיך אויס.

מר. מילער: פריינט, דו האָסט מיר גאָרניט וואָס צו דערציילן. מיט קיינע ווערטער קענסטו מיך ניט באַרואיקן. כ'בעט דיך בלויז איין זאַך: העלף מיר אויסגעפינען וועלכער, וועלכער פון מיינע צוויי זין איז מיין אייגענער און וועלכער איז אירער, אַ פרעמדער?

דר. לענסער: כ'פאַרשטיי זייער גוט, הערדי, דיין שמערץ, און דאַך מוזטו מיר רואיק אויסהערן.

מר. מילער (ברעכט די הענט): אַזוי פיל יאָרן שווער געהאָרעוועט, העלפט פון מיין לעבן אַ פרעמדנ'ס קינד אָוועקגעגעבן!

דר. לענסער: ס'איז זייער טרויעריק, אָבער, גלויב מיר, ניט אַזוי שרעקלאַך ווי עס דאַכט זיך דיר פון דער ערשטער מינוט אויס.

מר. מילער: שוידערלאַך! מיט אַן אומטרייער פרוי אַזוי פיל יאָרן געלעבט, זי פאַר אַ הייליקע געהאַלטן.

דר. לענסער (קערט זיך אומצופרידן אָפּ צוזאַמען מיט'ן שטול): גוט! אַט אַזוי וועל איך זיצן און געדולדיק וואַרטן ביז דער שטראָם פון דיינע באַליידיקטע מענערשע געפילן וועט זיך אויסשעפּן, און עס וועט זיין מעגלאַך מיט דיר, ווי מיט אַ מאַן, זיך דורכצורעדן.

מר. מילער (קוקט אַ ווײַלע אַף לענסער'ן): דו קענסט עס ניט באַגרייפן.

דר. לענסער (לאַכט ביטער): האַ, כ'קען עס שוין צו גוט באַגרייפן!

(אַ פּאַוזע).

מר. מילער: וואָס האָסטו מיר געוואָלט זאָגן?

דר. לענסער (דרייט זיך אויס צוזאַמען מיט'ן שטול):



לאָגיק און געפילן זיינען צוויי גאַנץ באַזונדערע זאַכן. בײַ אַ פאָלקאָמענעם מאַן מוז די לאָגיק שטענדיק רעגירן איבער די געפילן. דאָס, הערדי, זיינען דיינע אייגענע ווערטער און אין נאָמען פון זיי וויל איך דיר איצט שטעלן עטלאַכע פראַגעס און דיינע ענטפערס מוזן זיין קורץ און דייטלאַך: יאָ, אָדער ניין. קיינע געפילן־געפילדערס וויל איך איצט פון דיר ניט הערן.

מר. מילער (זיפצט).

דר. לענסער: איך וועל אָנפאַנגען פון אָנהויב. איך וועל זיך באַנוצן בלויז מיט דעם, וואָס דו האָסט מיר אַליין וועגן זיך דערציילט: צו דיין חתונה ביסטו אַלט געווען 32 יאָר און סאָפי 19. ביזט עלטער געווען פון איר מיט 13 יאָר. איז עס אמת?

מר. מילער: יאָ.

דר. לענסער: דו האָסט זיך פאַרליבט אין סאָפי'ן, און מיט דער מאַכט פון דיין גאָלד געצוואונגען אירע אָרימע עלטערן זי דיר פאַר אַ ווייב צו פאַרקויפן. (אַ קליינע פּאַוזע.) זעקס חדשים נאָך דיין חתונה, זיך אָנזעטנדיק מיט איר, האָסטו זיך אומגעקערט צו דיינע פריערדיקע חברים און ווידער גענומען פאַרברענגען די צייט אין הוליאַנקעס מיט בראָדווייער טענצערינס. אָן דיין פרוי האָסטו אינגאַנצן פאַרגעסן.

מר. מילער: גוט, גוט! וואָס ווילסטו ענדלאַך זאָגן?

דר. לענסער: סאָפי איז פון מיידלוויַיז געווען פאַרליבט אין אַן אָרימען דאָקטאָר, איינעם מיט'ן נאָמען לענסמאַן. דו האָסט עס אַלץ געוואוסט, און זיך וועניק קימערנדיק פאַר'ן ווייב, זיך ניט אינטערעסירט מיט דעם. אַזוי זיינען אריבער דריי יאָר, ביז ס'האָט זיך איינמאָל געמאַכט, אַז דיין אויטאָמאָביל האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט אַ צווייטן און מען האָט דיך אַהיים געבראַכט אַ האַלב־טויטן. און דאַן האָט דיין פאַרלאָזענע פרוי, געגן אַלעמענ'ס ערוואַרטונג, אָנגעווענדט אַלע מיטלען דיין לעבן צו ראַטן. דאָס האָט געהאַט אַף דיר אַ טיפע ווירקונג און פון דאַן אָן ביזטו געוואָרן דער איבערגעבענסטער מאַן.

מר. מילער: צו וואָס דערציילסטו עס מיר? וואָס ווילסטו?

דר. לענסער: לאָגיק, מיין פריינט, בלויז לאָגיק! זאָג אַליין, איז דען ניט גאַנץ נאַטירלאַך, אַז סאָפי, אַ פּאַרלאָזענע, אַ באַליידיקטע, ליב האָבנדיק די גאַנצע צייט אַ צווייטן, האָט זיך דאַן גענומען טרעפן מיט איר פריערדיקן געליבטן?

מר. מילער: יאָ. איך אַנערקען אַז איך בין דער איינציקער שולדיקער אין דעם וואָס עס איז געשען. כ'האָב צו איר נאָרניט, זי איז טויט און אַלץ איז פאַרפאַלן. כ'מוז דאָך אָבער וויסן ווען ס'איז געשען. אַנדערש ווייס איך דאָך ניט, וועלכער פון די צוויי זין איז מיין אייגענער. און אַף די בריוו איז קיין דאַטע ניטאָ! (אַ קליינע פּאַוזע).

דר. לענסער (קוקט אין אַ זייט, ברעכט אומבאַמערקט די פינגער): כ'בין זיכער, אַז ביידע זין זיינען דיינע! (הויבט זיך אויף, גייט לאַנגזאַם צו צום קאָמאָד, קוקט זיך איין אין די צוויי קליינע בילדער).

מר. מיללער: ווי קענסטו עס וויסן? כ'האָב דיך נאָך דאַמאָלסט אַפילו ניט געקענט.

דר. לענסער (זיך ניט אומקערנדיק): דאָס ווייזט נאָך נאָרניט. דו מיך ניט, אָבער איך האָב דיך אפשר יאָ געקענט.

מר. מיללער: וואָס ווילסטו זאָגן? (אַ קליינע פּאַוזע).

דר. לענסער (דרייט אוים דעם קאָפּ): האָסטו ווען געזען יענעם, וועמען דיין פרוי האָט ליב געהאַט?

מר. מיללער: ניין, נאָך וואָס פרעגסטו עס?

דר. לענסער: געדענקסטו זיין נאָמען?

מר. מיללער: האָסט אים נאָר וואָס אָנגערופן לענסמאַן. (אַ קליינע פּאַוזע).

דר. לענסער (גיט אַ שטילן הוסט): דענקסטו אַז ס'איז פאַראַן אַ גרויסער חילוק צווישן מיין נאָמען און יענעמס? צווישן לענסמאַן און לענסער?



מר. מיללער (ציטערט אויף, קוקט זיך איין אין זיין פריינט, הויבט זיך אויף, גייט האַסטיק צו צו אים): דו?!

דר. לענסער (קערט זיך שנעל אום): יאָ!

מר. מילער (קוקט זיך אָנגעשטרענגט איין אין לענסער'ס פּנים): דיינע דריי בריוו?

דר. לענסער (שאָקלט מיט'ן קאָפּ אַף יאָ. קוקט אים גלייך אין פּנים).

מר. מיללער: צו מיר אין הויז האָסטו זיך אריינגע'גנב'עט? מיך די גאַנצע צייט גענאַרט?

דר. לענסער (פעסט): ס'איז ניט אמת! אַלס פריינט האָב איך קיין איין מאָל ניט מיסברויכט מיט דיין צוטרויען. דו הערסט? קיין איין מאָל ניט! נאָענט זיינען מיר געווען, ווען דו האָסט אין די בראָדווייער קאַבאַרעטן דיינע נעכט מיט די טענצערינס פאַרבראַכט. אָבער פון יענעם טאָג אָן, ווען מען האָט דיך אַ האַלב־טויטן אהיים געבראַכט און זי האָט גענומען גיין ארום דיר, האָבן זיך אונזערע אינטימע באַציאונגען אָפּגעבראָכן אַף שטענדיק. און ליב האָבנדיק זי מער ווי מיין לעבן, בין איך איינגעגאַנגען אַף דעם. דו האָסט געהאַט אין איר די פיינסטע און איבערגעבנסטע פרוי. צוערשט האָב איך דיך געהאַסט, אָבער זעענדיק ווי דו ביסט גוט צו איר, ווי שטאַרק דו ווילסט דיינע אַמאָליקע זינד אויסקויפן, האָב איך דיר אויך מוחל געווען, און געפינענדיק אין דיר אַן אײדעלע נאַטור — איך ביסלאַכווייז דיין פריינד געוואָרן. און איך קען דיר איצט, נאָך אַכצן יאָר פריינטשאַפט, מיט אַ ריינעם געוויסן גלייך אין די אויגן קוקן!

מר. מיללער (קוקט אַף אים אָנגעשטרענגט. אַ קליינע פּאַוזע. זאָגט שטיל): כ'גלויב דיר, לענסער. איך בין איבערצייגט, אַז דיין וואָרט איז הייליק. (גיט אַ שפּאַן צו אים, כאַפּט אים אָן פאַר'ן אַקסל) לענסער, אָבער אין נאָמען ווילן, וועלכער? וועלכער איז מיינער?

**דר. לענסער** (קוקט אים א ווײַלע אין פּנים, זאָגט לאַנג־זאַם און פעסט):ביידע, הערריי... ביידע זיינען דיינע!

**מר. מיללער:** ביידע? נו, און וואו איז דאָס קינד מיט וועלכן זי האָט געשוואַנגערט?... פון וועלכן דו שרייבסט אין איינעם פון די בריף?

**דר. לענסער:** זי האָט עס ניט אויסגעטראָגן. געדענקסטו ווי קראַנק זי איז געווען באַלד נאָכדעם, ווי דו האָסט גענומען צו זיך קומען נאָכ'ן אומגליק מיט'ן אויטאָמאָביל?

**מר. מיללער** (טראַכט א ווײַלע): יא, כ'געדענק...

**דר. לענסער:** דריי וואָכן איז זי דאָן צו בעט געלעגן. איך האָב איר א געלונגענע אָפּעראַציע געמאַכט און זי איז געזונט געוואָרן. דו ביסט געלעגן א קראַנקער אין א צווייטן צימער.

**מר. מיללער:** יאָ, כ'געדענק עס.

**דר. לענסער** (פעסט): ביידע זין, הערריי, ביידע זיינען זיי דיינע!

**מר. מיללער** (קוקט אָף אים א ווײַלע, הויבט אויף די האַנט צום הימל): שווער מיר בא גאָט און מאָפּי'ן! (קוקט אים אין פּנים).

**דר. לענסער** (הויבט אויף די האַנט, וועלכע ציטערט לייכט): איך שווער!

**מר. מיללער** (גיט א שטילן דערלייכטערונגס־קרעכץ): כ'דאַנק דיר! (דורך טרערן) מיינע זין, מיינע קינדער! (גייט ארויס מיט אויסגעשטרעקטע הענט).

**דר. לענסער** קוקט אים נאָך, שטייט א ווײַלע באַוועגלאָז, די אויפגעהויבענע האַנט פאַלט מאָכטלאָז ארונטער. ער גייט צו צום קאַמאָד, נעמט איינע פון די צוויי בילדער, קוקט זיך ווייטאָקדיק איין אין איר, דריקט זי צו צו דער ברוסט און לאָזט טיף אראָפּ דעם קאָפּ. א פּאַוזע).

(פאָרהאַנג)

# דאָס פייער פון אונזערע הײמען

### פֿערזאָנען:

אַ מאַן.
ערשטע פֿרוי.
צווייטע פֿרוי.
ערשטער שאָטן.
צווייטער שאָטן.
דריטער שאָטן.
פֿערטער שאָטן.
נאָך פֿיר שאָטנס.

(די פֿנים'ער פֿון אַלע שאָטנס זיינען ווייס, די פֿאַרב פֿון זייערע לייבער טונקל־גרוי, די באַוועגונגען — שטיל און פלינק. זיי רוען קיין רגע נים. טראָגן זיך איבער'ן צימער, קלייבן זיך צונויף אין די ווינקלען, קייקלען זיך איבער'ן דיל און שפרינגען איינער איבער'ן צווייטן.)

אַ יעגער־הייזקע אין די בערג. אַ גרויסער, פיר־עקיקער צימער. די ווענט פון ניט־געהובלטע בוימער־שטאַמען. אין דער מיטלסטער וואַנט אַ ברייטער קאַמין, פון ביידע זייטן פענסטער. אין לינקן ווינקל אַ שראַנק מיט ביכער, אין רעכטן אַ גרויסער זייגער, פונ'ם דיל. רעכטס די אַריינגאַנג־טיר, נים ווייט אַ ווייכע סאָפע. לינקס אַ טיר אין אַ צווייטן צימער, נעבן איר אַ וויקטראָלאַ. פון ביידע זייטן — צוויי ווייכע פאָטעלן. דער דיל באַדעקט מיט אַ טעפיך. פאַר'ן קאַמין אַ טיפער וויג־שטול, באַ דער זייט אַ טישל. אַף דער וואַנט איבער'ן קאַמין זייגען אַף אַ טעפיך אויסגעהאַנגען פאַרשידענע מינים געווער. אַף דער רעכטער וואַנט הענגען די בילדער פון קאַרל מאַרקס און שאָפּענהאַוער, אויף דער לינקער — פון היינריך היינע און לעוו טאָלסטאָי. אַפ'ן טישל אַ לאָמפּ אונטער אַ בלאָען לאָמפּ־שירם. אַף די ביינקלאַך און אַף דער וויקטראָלאַ זייגען אָנגעוואָרפן צייטונגען. אַלץ אַרום איז אָפּגעלאָזן און פאַרשטויבט.

פאַרנאַכט. אין צימער איז בלוילאַך־טונקל. אַ פּאַוזע. פון אונטער'ן וויג־שטול דערשיינט דער ערשטער שאָטן.

ע ר ש ט ע ר  ש אָ ט ן (קוקט פאָרזיכטיק אַרויין אין שטול. זאָגט שפּאָטיש): ער איז נאָך אַלץ ניטאָ!

צ ו ו י י ט ע ר  ש אָ ט ן (דערשיינט פון אונטער דער וויקטראָלאַ): ער איז ווידער אַוועק זוכן זיין באַשערטע: די פרוי, וועלכע זאָל קענען אָנצינדן דאָס הימלאַכע פייער אָט דאָ, אין קאַמין. (לאַכט לאַנג און שטיל).

פערטער שאָטן (שפּרינגט אריין פון דער טיר לינקס): ער וועט זיך ווידער אָפּנאַרן און די אמת'ע באַשערטע ניט געפינען.

(ערשטער שאָטן שפּרינגט צו צום פערטן. ביידע שפּאַרן זיך אָן מיט די הענט אָן די קני, קוקן זיך איין אין די פּנים'ער, שאָקלען זיך).

ערשט. שאָטן: ס'אַ ליגן! ניטאָ קיין אמת'ע אָדער פאַלשע באַשערטע. פאַראַנען בלויז געליבטע, וועלכע ליבן שטאַרקער פון אַלעמען זיך אַליין.

פערטער שאָטן: ניט אמת! עס זיינען פאַראַן פאַרבן און קלאַנגען, וואָס גיסן זיך איינגאַנצן צוזאַמען. עס זיינען פאַראַן פאַרבן וואָס פּאַסן זיך. אַנדערע אָבער שרייען מיט באַנומענע קולות, ווען מען לעגט זיי צוזאַמען. זיי קענען זיך ניט דולדן. זיי האַסן איינער דעם צווייטן.

ערשטער שאָטן: נו, איז וואָס?

פערטער שאָטן (לאַכט): גאָרניט! דעם מענטשנ'ס נשמה איז אַ קאָמבינאַציע פון קלאַנג און פאַרב. אונזער בעל־הבית ווייסט עס. זוכט ער יענע פרוי, וועמעס פאַרבן און קלאַנגען זאָלן זיך צוזאַמענגיסן מיט זיינע!

(ביידע שיסן אויס מיט אַ געלעכטער, שפּרינגען אָפּ איינער פונ'ם צווייטן.)

צווייטער שאָטן: ניט אַנדערש ער איז קראַנק. אױף דער וועלט זיינען דאָך אַזוי פיל פרויען פאַראַן.

דריטער שאָטן: ווי אַזוי וועט ער זי דערקענען?

צווייטער שאָטן: ער דאַרף זי דערפילן, ברענגען אַהער, און אויב זי וועט זיין פייער אָנצינדן, איז דאָס זי.

(דורך די פענסטער שפּרינגען אַריין נאָך פיר שאָטנס און פלעכטן זיך איין אין די באַוועגונגען פון די ערשטע פיר.)

ערשטער שאָטן: מיט אַ צייט צוריק האָט ער אַ יונגע פרוי פון אַ ניט ווייטן דאָרף געבראַכט.



דריטער שאָטן: איך געדיינק זי. זי איז געווען זייער אַ שיינע.

פערטער שאָטן: שלאָג ניט איבער!

צווייטער שאָטן: נו און וואָס?

ערשטער שאָטן: גאָרניט. ער האָט זי זייער ליב געהאַט, זי אים נאָך מער. אָבער גליק אים געבן האָט זי ניט געקענט.

פערטער שאָטן: פאַרוואָס?

ערשטער שאָטן: ווער ווייסט? ער האָט זיך אָפּגענאַרט: ניט די ריכטיקע פרוי געבראַכט. אַכט חדשים האָבן זיי זיך געמאַטערט. זי האָט אַלע טאָג געריבן מיט הייסע וואַסער דעם דיל, געוואַשן די ווענט, געיאָגט דעם שטויב, אים דריי מאָל אין טאָג געקאָכט די בעסטע מאכלים. זי האָט אַראָפּגענומען פון די ווענט אָט די אַלע בילדער און אויפגעהאַנגען אירע דאָרפיש־איינפאַכע, העל־פאַרביקע מענטשעלאַך. ער פלעגט איר אָפּט לעזן ביכער, ריידן וועגן קונסט און וויסנשאַפט. זי פלעגט אים אָבער ווייניק וואָס פאַרשטיין און גיך מיד ווערן. דאָס פייער אין קאַמין האָט ניט געברענט און איך בין געשטאַנען אַלע אָוונט אין ווינקל און זיך געקייקלט פון געלעכטער. כאַ־כאַ־כאַ!

אַלע: כאַ־כאַ־כאַ!

צווייטער שאָטן: און דער פייער האָט ניט געברענט.

דריטער שאָטן: זיך בלויז נערוויכערט, בלויז געטשאַדעט!

פערטער שאָטן: און אין הויז איז קאַלט געווען.

ערשטער שאָטן (לאַכט): קאַלט און פינסטער. און זי האָט אָפּט געוויינט. געוואָלט ער זאָל איר מעשות פון זיין ליבע דערציילן, און זי קושן.

אַלע: כאַ־כאַ־כאַ!

צווייטער שאָטן: נו און דערנאָך?

ערשטער שאָטן: ער האָט גענומען אַנטלויפן פון הויז. זי האָט גאַנצע נעכט געוויינט, און ווען ער פלעגט צוריק־קומען, איז גאָר קיין סוף ניט געווען צו זייער קריגן זיך.

דריטער שאָטן: דאָס געדיינק איך אויך.

פערטער שאָטן: שלאָג ניט איבער!

ערשטער שאָטן: ביז איינמאָל נאָך אַ גאַנצער נאַכט קריגעריי און טרערן, האָט זי צוזאַמענגעלייגט אירע זאַכן און איז גאַנץ פרי אַוועק צום באַן.

פערטער שאָטן (לאַכט צופרידן): זי איז אַוועק צום באַן!

צווייטער שאָטן: נו און ער?

ערשטער שאָטן: ער האָט אויפגעהערט שלאָפן און פלעגט גאַנצע נעכט איינער אַליין שפּאַנען איבער'ן צימער. אָט איבער דעם צימער. ש־ש־ש! הערט זיך צו, אויב איר ווילט. עס קלינגען נאָך אין די ווינקלען זיינע טריט.

(אַלע הערן זיך אויף צו באַוועגן, הערן זיך איין. עס הערן זיך רעגלמעסיקע טריט. פּאַוזע. די שאָטנס נעמען זיך ווידער טראָגן איבער'ן צימער.)

ערשטער שאָטן: אָט אַזוי האָט ער געשפּאַנט נאַכט איין, נאַכט אויס און גערעדט צו זיך און גערעדט צו גאָט, און איין מאָל אַפילו געוויינט.

די שאָטנס (צווישן זיך): געוויינט! ער האָט גע־וויינט!

ערשטער שאָטן: און איין מאָל גאַנץ פרי האָט ער צוזאַמענגעלייגט זיינע זאַכן און איז אַוועקגעפאָרן.

צווייטער שאָטן: ווידער זוכן?

ערשטער שאָטן: יאָ.

פערטער שאָטן: ווען אים געלינגט זי צו געפינען, וואָלט זי אונז אַלעמען פאַריאָגט פון דאַנען!



צווייטער שאָטן: העל־באַלויכטענע הייזער זיינען ניט פאַר אונזערט וועגן!

דריטער שאָטן: איך האָס די זון!

פערטער שאָטן: דעמרונג און נאַכט, דאָס איז די בעסטע צייט!

אַלע: דעמרונג און נאַכט! דעמרונג און נאַכט!

(טראָגן זיך אין אַ ריטמישן טאַנץ איבער'ן צימער. דער זייגער קלינגט ניין. אַלע בלייבן שטיין, הערן זיך איין, צושאָקלענדיק זיך אין טאַקט.)

דריטער שאָטן: איך הער דאָס קלאַפּן פון רעדער!

(אַלע לויפן צו די פענסטער, הערן זיך איין.)

ערשטער שאָטן: אימיצער פאָרט! (שפּרינגט אַרויס דורכ'ן פענסטער, שרייט באַלד אַריין) דער באַלעבאָס קומט!

(די שאָטנס בויגן זיך אַרויס פון די פענסטער.)

צווייטער שאָטן: נעבן אים זיצט אַ פרוי!

דריטער שאָטן: זי איז זייער אַ שיינע.

פערטער שאָטן: דאָס איז זי — זיין באַשערטע!

ערשטער שאָטן: דאָס ווען מיר שפּעטער זען!

פערטער שאָטן: זי וועט אַנטלויפן פון דאַנען פונקט ווי די פריערדיקע! כאַ־כאַ־כאַ!

אַלע: כאַ־כאַ־כאַ! (צעלויפן זיך אין די ווינקלען און פאַרשווינדן.)

(פּאַוזע. עס הערט זיך אַ רויש פון רעדער און באַלד טריט. עס קומט אַריין דער מאַן מיט דער ערשטער פרוי. ער פירט זי פעסט צו־געדריקט צו זיך. ביידע בלייבן שטיין אין מיט'ן שטוב.)

דער מאַן: איין רגע, טייערע, און כ'מאַך ליכטיק. (פאַנגט אָן אָנצינדן דעם לאָמפּ, רעדט.) די בערג אַרום זיינען איינ־זאַם, נאָר שיין, און דו וועסט זיין ווי אַ פאַר'כשופ'טע פרינצעסין אין אונזער קליינעם פּאַלאַץ!

די פרוי (לאַכט): פּרינץ, דיין פּאַלאַץ שמעקט מיט שטויב און אַביסל מיט שימל.

דער מאַן (לאַכט): דאָס איז גאָרנים. מיר וועלן באַלד עפענען אַלע פענסטער און דער פּאַלאַץ וועט זיך אָנפילן מיט'ן דופט פון בלומען.

די פרוי (קוקט זיך אַרום): דאַכט זיך, דער צימער איז אַ גאַנץ קליינער!

דער מאַן: אויך אַ קלייניקייט. די וועלט איז גרוים און איז אינגאַנצן אונזערע.

די פרוי (באַטראַכט די ווענט): וואָס פאַר אַ מאָדנע ווענט. זיי קוקן אַזוי כמורנע.

דער מאַן: זיי זיינען געראָטן אין מיר. איך האָב אויך געקוקט כמורנע ביז כ'האָב דיך געטראָפן. גיב זיי אַ מעגלאַכ־קייט דיך צו דערקענען, וועסטו זען ווי זיי וועלן מאָרגן שיינען.

די פרוי (לאַכט): דיינע ענטפערס זיינען פון אַ פאַר־ליבטן.

(דער לאָמפּ צעברענט זיך.)

דער מאַן (גייט צו, נעמט זי אַרום): נו, און דיינע פראַ־געס?

די פרוי (לאַכט): פון אַ נאַר.

דער מאַן: צי אפשר האָסטו מיך שוין ניט ליב? שוין צוויי וואָכן, אַז מיר זיינען פאַרהייראַט.

די פרוי (לאַכט): ניין, טייערער, נאָך צו פרי. זיי קושן זיך).

דער מאַן (נעמט אַראָפּ זיין וועג־מאַנטל): איצט טו זיך אויס און ווער היימיש.

די פרוי (גייט צו צו דער וואַנט, באַטראַכט מאַרקס'עס בילד): וואָס פאַר אַ מערדערישע צורה!

דער מאַן (לאַכט): דאָס איז קאַרל מאַרקס, דער גרינ־דער פון סאָציאַליזם.

די פרוי: געהערט. ס'איז מיר אָבער קיין מאָל ניט אויסגעקומען צו לעזן זיינע שריפטן. (ווייזט אָן אָף שאָפּענהויער'ן) און ווער איז דער, מיט'ן פּנים פון אַ גייסטלאַכן?



דער מאַן: דאָס איז שאָפּענהויער, דער גרינדער פון פילאָסאָפישן פעסימיזם.

די פרוי: איך האָב געלעזן זיין הויפּט־ווערק: „די וועלט אַלס ווילן און פאָרשטעלונג". אין געוויסע פונקטן בין איך איינפאַרשטאַנען מיט אים, אָבער אין אַלגעמיין בין איך צו אָפּטי־מיסטיש. (ווייזט אָף דער דריטער בילד) דאָס איז טאָלסטאָי. אים קען איך זייער גוט. און ווער איז דער? (ווייזט אָף היינע'ן) דער פּנים איז מיר גאַנץ באַקאַנט.

דער מאַן: דער דייטשער פּאָעט העינריך היינע.

די פרוי: געלעזן אייניקע פון זיינע לידער. ער איז פאַלקאָמען. (קוקט אַריין אין ביכער־שראַנק): האָסט גאַנץ גוטע ביכער. אַ שאָד, וואָס כ'האָב געקויפט באָקל'ס געשיכטע פון דער ציוויליזאַציע אין ענגלאַנד. איך זע עס באַ דיר. נעכטן, פאַר'ן אָוועקפאָרן, האָב איך איינגעקויפט אַ גאַנצן קאַסטן נייע ביכער. ער וועט, מן־הסתם, מאָרגן, איבערמאָרגן אָנקומען אַהער. כ'וועל האָבן צום לעזן אָף אַ האַלב יאָר צייט. אין קאַסטן האָב איך אויך די פאָרטרעטן פון מיינע באַליבטע שרייבער. וועל איך טאַקע צווישן אָט דיינע פריינט (ווייזט אָף די בילדער) אויך אויס־הענגען מיינע. דו וועסט דערלויבן?

דער מאַן: זיכער! וואָס פאַר אַ פראַגע? (נעמט זי אַרום) ווי גוט ס'איז צו האָבן אַ פרוי — אַ גלייכן חבר, מיט וועמען מען זאָל קענען לעזן, ריידן, דיסקוטירן, וועלכע זאָל אָנ־פילן די היים מיט הארציקייט און וואַרימקייט. (קושט זי) נו, טו זיך אויס.

די פרוי (טוט אויס דעם מאַנטל. גיט אַ קוק אָפ'ן טיש און די שטולן): גאָט, וואָס פאַר אַ שטוב!

דער מאַן: שוין דריי חדשים דאָ ניט געווען. וואַרט, וועל איך עפעס קרינגן דעם שטויב אָפּצואווישן. (גייט אין גיך).

די פרוי: זאָל שוין זיין אַזוי. (וואַרפט אַוועק איר מאַנטל און הוט אָפ'ן טיש).

דער מאן: וועסט דיינע זאכן נים קענען שפעטער דער־ רייניקן.

די פרוי: עס מאכט נים.

דער מאן (קוקט זי פארוואונדערט אן. גייט צוריק): מיר וועלן זיך מארגן א נעם טאן צו דער ארבעט, און אלץ וועט אויפ־ לעבן.

די פרוי (לאכט): ניין, טייערער, וועסט עס אליין טאן.

דער מאן (שמייכלט): אין צווייען איז פריילאכער.

די פרוי: ווען דו זאגסט מיר ווענן דעם אין שטאט, ברענג איך מיט זיך א דינסט.

דער מאן: דו שפאסט.

די פרוי: ניין, ליבער, איך מיין עס גאנץ ערנסט. קיין זאך אין דער וועלט האס איך נים אזוי, ווי וואשן, ראמען, קאכן.

דער מאן: איך האב עס אויך נים איבעריק ליב. מען סען אבער נים לעבן אין שמוץ, מען מוז געבן דעם קערפער וואס אים קומט.

די פרוי: קריגט מען א דינסט.

דער מאן (שאקלט מיט'ן קאפ אף ניין): איך האב עס נים ליב. קליינע קינדער, קאליקעס און אלטע לייט דארפן האבן מענטשן זאלן ארום זיי גיין, אבער נים מיר. סיידן מיר טוען אן אנדער ארבעט. אבער וועסט זיך צוגעוואוינען.

די פרוי: וואו איז מיין שאל? (ציטערט אויף) ס'איז דא קאלט.

דער מאן (ווייזט אפ'ן קאמין): אט איז א פראכטפולער פייער־פלאץ. בא דער זייט ליגן קלעצער און שוועבעלאך. אין דער צייט וואס איך וועל צופאקן דיינע זאכן, מאך א פייער און וועסט זען, ווי ווארים און היימלאך עס וועט דא ווערן.

די פרוי (אומצופרידן): מען האט באדארפט א דינסט מיט זיך ברענגען.

דער מאן (גייט צו, נעמט זי ארום, קוקט איר אין פנים אריין, זאגט פעסט): דאס פייער, ארום וועלכן עס שאפט זיך



א היים, קען בלויז די באלעבאסטע פון הויז אליין אנצינדן. פון איר האנט מוז די ווארימקייט קומען.

די פרוי (נים זיכער): וואס איז מיט דיר? וואס ווילסטו זאגן?

דער מאן: דו פארשטייסט מיך.

די פרוי (לאכט נים־זיכער): וואס מיינסטו, איך קען קיין פייער נים מאכן?

דער מאן (זיכער): וועסט קענען, אויב דו וועסט נאר ווען.

די פרוי: און אויב נים?

דער מאן (זיפצט): דאן... דאן האסט מיך נים ליב.

די פרוי: איך האב דיך אבער ליב. שטארק ליב.

דער מאן (נעמט זי ארום, קושט זי): דאן וועט אלעס זיין גוט. (פירט זי צום קאמין) איצט, טייערע, וועסטו דעם ערשטן מאל פרואוון מאכן א פייער. וועסט זען, ווי אלץ וועט באלד גאר אנדערש אויסזען.

די פרוי (לאכט נערוועז): בא אונז און בא אלע אונזערע באקאנטע טוען עס די דינסטן.

דער מאן: און דערפאר איז טאקע בא אייך אין די הייזער אזוי קאלט. נימא דארטן קיין גליק, קיין הארציקייט.

די פרוי (זעצט זיך אראפ נעבן קאמין, צינדט אלע מאל אן א שוועבעלע, ברענט פאפיר, לויגט אריין עטלאכע שייטלאך האלץ, נאר דער פייער, וואס זי צינדט יעדע מינוט אן, ווערט גלייך פארלאשן. דער מאן שטייט בא דער זייט און קוקט אף איר. די שאטנס דערשיינען אין די פענסטער און טירן, קוקן זיך אנגעשטרענגט איין אין איר ארבעט. א פאוזע.)

די פרוי: דאס האלץ איז נאס.

דער מאן: ס'איז טרוקן.

(א קליינע פאוזע.)

די פרוי: די שוועבעלאך טויגן נים.

(א קליינע פאוזע.)

די פרוי: דאָס פּאַפּיר ברענט צו שנעל אויס. (מאַכט ווידער אַ פייער. ברענט זיך אָפּ אַ פינגער, שפּרינגט אויף אַ בייזע, וואַרפט מיט דער אָפּגעברענטער האַנט.) אַך, גאָט מיינער! איך בין ניט געקומען אהער צו ווערן קיין דינסט! (גייט אויפגערעגט איבער'ן צימער. בלייבט שטיין, שפּאַרט זיך צו צו דער וויקטראָלאַ.)

דער מאַן (קוקט אָף איר פּאָרטראַכט. זיפצט אָפּ): נו, באַרואיק זיך. אָט וועל איך מאַכן דעם פייער. קוק אהער, וועסטו זיך אויסלערנען. (גייט צו, בויגט זיך אָן איבער'ן קאַמין. די פרוי רירט זיך ניט פון אָרט.)

(עס ווערט ביסלאַכווייז טונקל, ביז עס שטעלט זיך איין אַ בלוילאַכע דעמערונג שיין. די שאָטנס גיבן זיך אַ לאָז אין אָן אויסטערלישן טאַנץ איבער'ן צימער. פּאַוזע. דער זייגער קלינגט עלף מאָל. די שאָטנס בלייבן שטיין, הערן זיך איין, צושאָקלענדיק מיט די אויבערשטע טיילן פון זייערע קערפּערס.)

ערשטער שאָטן: זי קען ניט מאַכן דעם פייער!

צווייטער שאָטן (שפּאָטיש): דאָס האָלץ איז נאַס!

דריטער שאָטן: די שוועבעלאַך זיינען ניט גוט!

פערטער שאָטן: דער קאַמין טויג ניט!

ערשטער שאָטן: דאָס איז ניט זי!

דריטער שאָטן: זי וועט קיין פייער ניט מאַכן!

צווייטער שאָטן: זי וועט אונז ניט פאַרטרייבן פון דאַנען!

פערטער שאָטן: כאַ־כאַ־כאַ! דינסטן דאַרף זי!

דריטער שאָטן: כאַ־כאַ־כאַ! זיי זאָלן אָנצינדן דעם פייער פון איר היים.

ערשטער שאָטן: זי דאַרף קיין היים ניט!

צווייטער שאָטן: צו וואָס־זשע האָט ער זי אהער געבראַכט?

דריטער שאָטן: זיך ווידער אָפּגענאַרט.

פערטער שאָטן: איינע האָט צופיל די דילס געוואַשן און די צווייטע לעזט אַ סך ביכער.



אַלע שאָטנס (פּזר'ן איבער, לאַכן): זי לעזט אַ סך בי־כער! אַ סך ביכער! כאַ־כאַ־כאַ!

דריטער שאָטן: און ביידע זיינען זיי פאַר אים פרעמדע.

ערשטער שאָטן: מיר קענען זיין רואיק, זי וועט אונז שוין פון דאַנען ניט פאַרטרייבן!

אַלע שאָטנס (צוזאַמען): זי וועט אונז ניט פאַר־טרייבן! ניט פאַרטרייבן! (פאַרשווינדן לאַכנדיק און טאַנצנדיק. פּאַוזע.)

(עס ווערט פינסטער און באַלד ווידער ליכטיק. די פרוי ליגט אָף דער סאָפע מיט אַ בוך אין האַנט און לעזט, קייענדיק אַ שטיקל ברויט. אַ קליינע פּאַוזע. זי הויבט זיך אויף, גייט צו צום טיש, שניידט זיך אָפּ נאָך אַ שטיקל ברויט, לעגט זיך ווידער אַוועק און לעזט. זי טראָגט אַ לייכט הויז־קלייד. אין צימער איז ניט ריין און אָנגעוואָרפן. אַ פּאַוזע. דער מאַן קומט אָן פון רעכטס, מיט אַ קליין פּעקל אין האַנט.)

דער מאַן (גייט צו, בויגט זיך צו צו איר): וואָס מאַכסטו, טייערע?

די פרוי (הויבט אויף די האַנט, ער זאָל שווייגן): איין מאָמענט. באַלד ענדיק איך דאָס קאַפּיטל!

(ער שטייט מיט אַ שמייכל איבער איר. זי ענדיקט לעזן. זעצט זיך אויף, כאַפּט אים אַרום, גיט אים אַ קוש. ציט אים צו זיך אָף דער סאָפע).

די פרוי (לאַסטשעט זיך): נו, ווי פילסטו, טייערער? היינט שווער געאַרבעט אין שטאָט?

דער מאַן: יאָ. ס'איז פאַר מיר אָבער גענוג איין גע־דאַנק וועגן דיר, וועגן אונזער היים, די שווערסטע אַרבעט זאָל ווערן לייכט.

די פרוי (באַמערקט דעם פּעקל): האָסטו מיר עפּעס גע־בראַכט?

דער מאַן: וואָס פאַר אַ פראַגע. טרעף וואָס. (ווייזט איר דאָס פּעקל).

די פרוי (קוקט נייגעריק): וואס קען איך טרעפן? ווייניק גוטע זאכן זיינען אין שטאט פאראן? (ציט זיך צום פעקל). נו וייז, טייערער!

דער מאן (לאכט): פאר קיין זאך ניט.

די פרוי (טראכט א ווײלע): האסט געבראכט א פלעשל פארפיומען.

דער מאן: ניט געטראפן.

די פרוי: א טוץ נאזטיכלאך? א בלוזקע? אונטערוועש?

דער מאן (שאקלט מיט'ן קאפ אף ניין): ניט געטראפן.

די פרוי: אפשר גאר א שאכטל טשאקאלאד?

דער מאן (לאכט): געטראפן!

די פרוי: גיב אהער, וועל איך טאקע באלד פארזוכן.

דער מאן: נייע, טייערע. צוערשט וועלן מיר אפעסן.

די פרוי (דרייט אומצופרידן אפ דעם קאפ): איך האב היינט גארניט געקאכט. כ'האב קיין צייט ניט געהאט.

דער מאן (ערשטוינט): דו שפאסט ניט?

די פרוי (ענטפערט ניט).

דער מאן (לעגט אוועק דאס שאכטל טשאקאלאד אף דער סאפע, הויבט זיך אויף, שפאנט אומצופרידן איבער'ן צימער): שוין אזוי פיל מאל וועגן דעם גערעדט, זיך אפילו געקריגט און... גארניט.

די פרוי: כ'האב זיך אין דער פרי פארלעזן מיט לעאנארד־דא־ווינטשי'ס ביאגראפיע און פארגעסן צושטעלן עפעס קאכן. און... גאט מיינער, וואס ווילסטו? קריג זיך א דינסט און וועסט שטענדיק זיין פארזיכערט מיט'ן עסן.

דער מאן (בלייבט שטיין): דיינקסטו ניט, אז דו האנדעלסט ניט ערלאך אין באצוג צו מיר? באשטייט דען ניט דאס צוזאמענלעבן פון מאן און פרוי אויך אין זייער קעגנזייטיקער הילף? איז דען ניט מער ווי רעכט, אז נאך א טאג ארבעט אין שטאט, וועלכעס ווערט געטאן פאר אונז ביידן, זאל איך אהיימקומענדיק טרעפן א ריינע הויז, ניט אזא שמוץ ווי דא טוט זיך,



און עפעס אפצועסן? באקל און וועלס זיינען גוט, ספענסער, ראמען ראלאן, לעאנארד־דע־ווינטשי זיינען פראכטפול, אבער דו אליין (וויזט אפ'ן ברויט וואס ליגט אפ'ן טיש) רייסט דאך שטיקער ברויט און קייסט.

די פרוי: בא מיר איז גוט, וואס איך עס. איך מאך ניט קיין קולט פון דעם.

דער מאן: פון די זעכצן פרייע שטונדן, וואס דו האסט אלע טאג, ווילסטו ניט אפרייסן קיין צוויי שעה די הויז ריין צו האלטן און פאר דיין בעסטן פריינט מאכן עפעס צום עסן. און דו רופסט עס ליבע!

די פרוי: איך בין ניט קיין קעכין. כ'האב עס דיר נאך אין אנהויב, מיט זעקס חדשים פריער, געזאגט.

דער מאן (גייט פארטראכט איבער דעם צימער, בלייבט שטיין נעבן איר, זאגט שטיל, ווייך): עס טוט מיר וויי, וואס מיר מוזן זיך קריגן איבער אזעלכע קלייניקייטן. זאגסטו מיר צו, אז עס וועט שוין מער ניט פאסירן?

די פרוי: איך קען דיר קיין זאך ניט צוזאגן. די גאנצע קומענדיקע וואך וועל איך זיין פארנומען אין שטעטל מיט'ן „באזאר“ און מיט דער פארשטעלונג פאר די ארימע. און דערנאך... אז עס עקלט מיך פארט פון הויז־ארבעט!

(עס הויבט אן צו ווערן טונקל. די שאטנס דערשיינען פון אלע זייטן. צוערשט פארכאפן זיי די ווינקלען און הויבן באלד אן זייער טאנץ צווישן דעם מאן מיט דער פרוי.)

דער מאן: גוט. אויב אזוי וועל איך פון מארגן אן אנהויבן צו עסן אין שטאט.

די פרוי (נאך א קליינער פאוזע): וועסטו דאך מוזן אהיים קומען מיט דער שפעטער טריין?

דער מאן: וואס קען איך מיר העלפן?

די פרוי (סארקאסטיש): אויב אזוי, וועסטו זיך שוין באלד אויך דארפן א צימער דארפן זוכן?

דער מאן: גאנץ מעגליך. (שפאנט איבער'ן צימער).

די פרוי (מיט שפאָט): פיין. זייער פיין. (לאַכט סאַר־קאַסטיש).

ערשטער שאָטן: עס איז דער אָנפאַנג פונ'ם סוף.

צווייטער שאָטן: ניין! דער אָנפאַנג איז געווען נאָך דעם ערשטן אָוונט, ווען זי האָט דעם קאַמין ניט געקענט אָנצינדן.

דריטער שאָטן: עס וועט שוין ניט דויערן לאַנג!

פערטער שאָטן: דער סוף קלאַפּט שוין אין טיר.

ערשטער שאָטן: ער קוקט ארוים פון זייערע ביידנס בליקן.

צווייטער שאָטן: ציטערט אין זייערע רייד.

דריטער שאָטן: דער סוף איז געקומען! דער סוף!

פערטער שאָטן: דער באַלעבאָס האָט זיך ווידער אָפּ־גענאַרט.

ערשטער שאָטן: אַ פרעמדע פרוי אין הויז געבראַכט.

צווייטער שאָטן: אַלע זיינען פרעמדע.

דריטער שאָטן: פאַראַן אויך אייגענע!

פערטער שאָטן: ניט אמת! ווען עס טוט איינעם וויי, קרעכצט קיין מאָל ניט אַ צווייטער! כאַ־כאַ־כאַ!

אַלע שאָטנס (בלייבן שטיין, שפּאַרן אונטער מיט די הענט די זייטן און לאַכן, זיך בויגנדיק לינקס און רעכטס): כאַ־כאַ־כאַ!

(עס ווערט פינסטער. אַ פּאַוזע. עס הערן זיך דעם מאַנ'ס און פרוי'ס שטימען).

זי (מיט אַ קרעכץ): איך קען שוין ניט אויסהאַלטן מער! האָסט מיינע טעג און נעכט אין קאַשמאַרן פאַרוואַנדלט!

(עס הערן זיך דעם מאַנ'ס טריט איבער'ן צימער. אַ פּאַוזע).

זי: שלאָג מיך בעסער, נאָר פייניק מיך ניט מיט דיין שווייגן!

ער: וואָס איז די נוץ פון רייד, ווען זיי קענען שוין קיין זאַך ניט ענדערן?

זי: ס'איז דיין שולד!



ער: וואָס איז דער אונטערשיד?

זי: האָסט מיך אָפּגענאַרט! (וויינט).

ער: מיר האָבן זיך ביידע אָפּגענאַרט.

זי: האָסט געזוכט אַ קעכין, אַ דינסט, ניט קיין גלייכן פריינט.

ער: כ'האָב געזוכט אַ פּאָלקאָמענעם מענטשן און געפונען בלויז אַ פרוי, וואָס לעזט אַ סך ביכער.

זי: אַלע דיינע תירוצים האָבן קיין ווערט. דו זוכסט מיט זיי צו פאַרדעקן דיין געמיינע האַנדלונג.

ער: דו ווייסט, אַז ס'איז ניט אמת!

זי: הייסט עס, האָסטו מיך מער ניט ליב?

ער (נאָך אַ פּאַוזע): ניין!

זי (שפּאָטיש): ווייל כ'האָב דיר קיין קעכין ניט געוואָלט זיין?

ער: ניין, ווייל דו האָסט מיך ניט ליב.

זי: זאָלן דיך שוין אַנדערע ליב האָבן!

ער (שפּאַנט איבער'ן צימער. זיפצט): אַך. ווי שווער! (אַ פּאַוזע).

זי (דורך טרערן): גאָט, דער פרימאָרגן זאָל שוין גיכער קומען, איך זאָל קענען אַוועק פון דעם פאַרשאָלטענעם הויז! (וויינט שטיל).

(אַ פּאַוזע. עס פאַנגט אָן טאָגן. זונען שטראַלן רייסן זיך דורך די פאַרהאַנגענע פענסטער. דער זייגער קלינגט זיבן. פּאַוזע. עס ווערט ליכטיק. אַף דער סאָפע שטייט דער פרוי'ס פאַרבונדן רענצל, איר מאַנטל ליגט בא דער זייט).

זי (קומט אַריין פונ'ם צווייטן צימער, האַלט אין אָנטאָן איר הוט): כ'האָף וועסט מיך ניט וואָגן בעטן דאָ לענגער צו פאַר־בלייבן.

ער (קומט לאַנגזאַם נאָך איר, בלייבט שטיין צוגעשפּאַרט צו דער טיר): ניין.

זי (שפּאָטיש): דאָס אַליין ווייזט שוין די ביליקייט פון דיינע געפילן.

ער (צענעמט די הענט): אַזוי איז עס שוין: מענטשן קענען זיך נאָך ניט צעגיין, ווי מענטשן. מען מוז צוערשט גוט אָנשפּייען אין פּנים אריין איינער דעם צווייטן.

זי: ווי לייכט דו רעדסט! ווי גרינג דיר קומט אַלץ אָן! ליבע איז דאָך פאַר דיר בלויז אַ צייט־פאַרטרייב.

ער: ס'איז ניט אמת!

זי (טוט אָן דעם מאַנטל): ביסט אַ געמיינער ליגנער!

ער (צענעמט הילפלאָז מיט די הענט. זיפצט שווער).

זי (קוקט אַף אים אַ ווײַלע): אַך, ווען דו קענסט פילן, ווי שטאַרק איך האָס דיך!

ער (שווייגט).

זי: איך האָס דיך פונקט אַזוי טיף, ווי כ'האָב דיך פריער ליב געהאַט!

ער (קוקט אַף איר טרויעריק. שווייגט).

זי (נעמט דאָס רענצל, גייט צו צו דער טיר).

דער מאַן (גייט איר נאָך): וואַרט, איך וועל דיך צו־פירן צום באַן.

די פרוי (וואַרפט אַף אים אַ בייזן בליק): כ'וועל זיך באַגיין אָן דיין הילף! (גייט שנעל ארויס).

דער מאַן (קוקט איר נאָך. גייט עטלאַכע מאָל איבער דעם צימער. לאָזט זיך טראָפּ מיט אַ פאַרשטיקטן קרעכץ אין וויג־שטול. פּאַוזע. עס נעמט טונקלען, ביז דער צימער פילט זיך אָן מיט דעמערונג שיין. די שאָטנס קריכן אַרויס פון די ווינקלען, גייען צו פאַרזיכטיק צום מאַן, קוקן זיך איין אין אים, נעמען זיך אָן פאַר די הענט און דרייען זיך אַרום אים אין אַ קאַראַהאָד. דער זייגער נעמט לאַנגזאַם און מאָנאָטאָן, ווי פון ווייטנס, שלאָגן).

ערשטער שאָטן: און אָט אַזוי איז דער סוף גע־קומען!

צווייטער שאָטן: שנעל און קורץ.



דריטער שאָטן: פרעמדע מענטשן געווען!

פערטער שאָטן: ניטאָ קיין אייגענע. מען נאַרט זיך בלויז אָפּ אַף אַ קורצער צייט.

אַלע שאָטנס (צוזאַמען): און איצט וועט דאָ ווידער זיין שטיל. ווידער זיין פינסטער! פינסטער! אַף שטענדיק פינסטער!

(אין דרויסן הערט זיך אַ קנאַל פון אַ דונער. עס נעמט גיסן אַ רעגן. די שאָטנס הערן זיך צו, לויפן צו די פענסטער. עס בליצט און עס דונערט).

די שאָטנס (טראָגן זיך איבער'ן צימער): ס'רעגנט! ס'בליצט! ס'דונערט! ס'איז גוט! ס'איז פינסטער!

ערשטער שאָטן (צו די איבעריקע): וואַרט, אָט וועל איך אים אַ מעשה'לע דערציילן. (שטעלט זיך אונטער'ן מאַן'ס פּלייצעס. די איבעריקע שטאָנס שטעלן זיך אויס אין אַ האַלבן ראָד אַרום זיי, שאָקלען זיך צו.)

ערשטער שאָטן (בויגט זיך צו צום מאַן'ס אויער): מענטש, געדיינקסטו נאָך דיין שכן בערטאַנ'ען? ער האָט גע־וואוינט דאָ ניט ווייט, פון יענער זייט באַרג. ער איז געווען אַ מאַן אין פולען זינען פון וואָרט. געדיינקסט? ווען זיין יונגע, שיינע ווייב האָט אים אַף אַ צווייטן פאַרביטן, האָט ער ניט דערלויבט דעם לעבן פון זיך אַ שפּילצייג צו מאַכן. ניט דער שיקזאַל אים, נאָר ער האָט דעם שיקזאַל באַזיגט, אים מוטיק אַ שליידער געטאָן זיין לעבן אין פּנים אריין. נאָ, וואַרג זיך! זיין האַנט האָט ניט געציטערט אין צייט ווען ער האָט דאָס רערל פונ'ם רעוואָלווער צוגעדריקט צום שלייף. ער איז געווען אַ מאַן! ניט יעדער קען אַזוי. (לאַכט).

(דער מאַן שפּרינגט אויף, שפּאַנט אָן אויפגערעגטער איבער'ן צימער. די שאָטנס טראָגן זיך אַרום אים אין אַ געהיימניספולן טאַנץ. פון גאַס הערט זיך דער רויש פונ'ם רעגן און דאָס קנאַלן פון די דונערן. פּאַוזע. מען קלאַפּט אין טיר. דער מאַן בלייבט שטיין, הערט זיך איין. מען קלאַפּט שטאַרקער. דער זייגער הערט אויף קלינגען).

אַ פ ר ו י ע ן - ש ט י מ ע : אום גאָטעס ווילן, עפֿנט די טיר!

ד ע ר  מ אַ ן (שטייט אַ ווײַלע אונאַנטשלאָסן, צינדט אָן דעם לאָמפּ, עפֿנט די טיר. די שאָטנס טרעטן אָפּ אין די ווינקלען).

ד י  צ ו ו י י ט ע  פ ר ו י (קומט אַרײַן אײַנגעהילט אין אַ רעגן־מאַנטל. קוקט זיך אַרום): וועט איר מיר דאָ אפשר ערלויבן איבערצואוואַרטן דעם רעגן?

ד ע ר  מ אַ ן (נאָך אַ קורצער פּויזע): איר קענט איבערוואַרטן. (זעצט זיך אַרײַן אין וויג־שטול. קערט זיך גלײַכגילטיק אָפּ און נעמט פֿאַרויכערן די פּיפּקע).

ד י  פ ר ו י (נעמט אַראָפּ פֿון זיך דעם נאָסן מאַנטל, וואַרפֿט אים אַוועק נעבן דער טיר, נעמט אַראָפּ און באַטראַכט איר צוקנייטשטן הוט, שאָקלט אומצופֿרידן מיט׳ן קאָפּ. זאָגט צו אים): ערשט לעצטע וואָך אַ הוט געקויפֿט. זעט וואָס פֿון אים איז געוואָרן.

ע ר (זיך ניט אומקוקנדיק): וואָס גייט מיר אָן אײַער הוט?

ז י (שמייכלט. קוקט אָף אים אַ ווײַלע): נו, און איך?

ע ר: פּונקט ווי אײַער הוט.

ז י (צעלאַכט זיך הילכיק): איר רעדט און האַלט זיך ווי אַ ווילדער, ווי אַ גזלן, אָדער נאַר ווי אַן אַנטוישטער.

ע ר (שווייגט).

ז י: אַ שאָד, וואָס איר האָט באַהאַלטן אײַער פּנים. נאָר אַזוי רעדט אַ מאַן, וועמען דרײַ־פֿיר פֿרויען האָבן שוין אָפּגענאַרט. (גייט צו און קוקט אַרויס דורכ׳ן פֿענסטער.) דער רעגן קען גיין אַ גאַנצע נאַכט. (קוקט זיך אַרום.) קענט איר מיר אפשר זאָגן, פֿאַרוואָס בײַ אײַך איז אַזוי כמורנע, שמוציק און קאַלט? וואָלט איר אפשר געמאַכט אַ פֿײַער אין אײַער שיינעם קאַמין אָדער מיר דערלויבן עס צו טאָן?

ע ר (שפּאָטיש): איר וועט זיך אומזיסט אויסשמירן די הענט.

ז י: איך האָב אַ שטיקל זייף זיי אָפּצואוואַשן.

ע ר: דאָס האָלץ איז פֿייכט.



ז י: דאָס קען מען אויך בײַקומען.

ע ר (נאָך אַ פּויזע): מײַן קאַמין האָט ניט קיין מזל צו פֿרויען: קיינער פֿון זיי קען אים ניט אָנצינדן.

ז י (לאַכט): ער איז, ווי ס׳ווײַזט אויס, געראָטן אין בעל־הבית. וועט איר מיר אפשר דערלויבן אויך מײַן מזל אויספּרוּוון?

ע ר (נאָך אַ פּויזע): דאָס האָלץ ליגט שוין אין קאַמין. איר קענט פּרוּוון. (רוקט זיך אָפּ אָן אַ זײַט מיט׳ן שטול).

ז י (גייט צו, לעגט איבער דאָס האָלץ, זינגט זיך אונטער): אָט וועלן מיר פּרוּוון. דאָס האָלץ איז ניט נאַס. עס ליגט בלויז זייער שלעכט. (שטעלט זיך אויף, קוקט זיך אַרום, נעמט פֿונ׳ם טיש און בײַנקלאַך די אָנגעוואָרפֿענע צײַטונגען, שטופּט זיי אַרײַן אין קאַמין, צינדט אונטער און באַלד צעברענט זיך דאָרטן אַ פֿריילאַכער פֿײַער).

ע ר (פֿאַרוואונדערט): עס ברענט!

ז י (לאַכט): הע־הע! פֿאַרוואָס זאָל עס ניט ברענען?

ע ר (קוקט זי פֿאַרשנדיק אָן).

ז י (גייט איבער דעם צימער, באַטראַכט די בילדער אָף די ווענט, שמייכלט): זאָגט מיר נאָר, בייזער מענטש, צי האָט איר אַבזיכטלאַך צונויפֿגעפּאַרט אָף איין וואַנט דעם רויט־בלוטיקן קעמפֿער פֿאַר דער מענטשלאַכער פֿרייהייט קאַרל מאַרקס׳ן מיט׳ן קעניג פֿון פּעסימיזם שאָפּענהויער׳ן, און אָף דער צווייטער וואַנט דעם ציניש־קלוגן, אין גאָרניט גלויבנדיקן היינע מיט׳ן אַפּאָסטאָל טאָלסטאָי?

ע ר (הויבט זיך אויף, קוקט זי פֿאַרוואונדערט אָן): ווי האָט איר זיי עס אַלעמען גלײַך דערקענט?

ז י: ווער קאָן זיי דען ניט?

ע ר: פֿאַראַנען אַזעלכע.

ז י (באַטראַכט די ביכער אין שראַנק. לאַכט): קיין ווילדער מענטש זײַנט איר, ווי ס׳ווײַזט אויס, ניט. (לייגט אַרויף די הענט אָפ׳ן ביכער־שראַנק.) אַך, גאָט מײַנער, וואָס פֿאַר אַ שרעקלאַכער

שטויב בא אייך איז! (טרייסלט אָפּ די הענט.) גיט מיר א שמאַטע.

ער (רירט זיך ניט. קוקט זי אָן).

זי: וואָס קוקט איר מיך אַזוי אָן? גיט מיר גלייך א שמאַטע!

ער (רייסט זיך אָפּ פונ'ם פּלאַץ, לויפט און זוכט ארום, גייט אין צווייטן צימער, ברייגגט איר אַ ווייסע שמאַטע).

זי (נעמט די שמאַטע, באַטראַכט זי, צולאַכט זיך חילביק): ס'איז דאָך אייערס אַ ריין העמד.

ער: עס מאַכט ניט אוים. כ'האָב אַ סך אנדערע.

זי (לעגט אַוועק דאָס העמד): ברענגט מיר אַ שמאַטע דעם שטויב אָפּצואווישן.

ער (לויפט ווידער אין צווייטן צימער, קומט באַלד אַריין מיט אַ שמאַטע).

זי: אָט דאָס איז גוט. (נעמט די שמאַטע, ווישט אָפּ דעם שטויב פון דער שאַפע, פונ'ם טיש און די ביינקלאַך.) איצט קען מען זיך אַוועקזעצן. (זעצט זיך.) נו, זייט אַזוי גוט, גיט אַ קוק, עס רעגנט נאָך? אויב ניט, ווערט איר גלייך פון מיר פּטור.

ער (דערשרעקט זיך. גייט צו צום פענסטער, קוקט ארוים, קומט צוריק): עס רעגנט שטאַרק, זייער שטאַרק. עס וועט אַזוי רעגנען ביז אין דער פרי.

זי: פון וואַנען ווייסט איר עס?

ער: אַזוי. (מיטאַמאָל.) וועט איר אפשר טיי טרינקען?

זי (שמייכלט): ווי איך זע לעבט אין אייך ביסלאַכווייז צוריק אויף דער ציוויליזירטער מענטש.

ער (איילט זיך): כ'וועל צושטעלן וואַסער. (לויפט אין צווייטן צימער, קומט גלייך צוריק מיט אַ טשייניק, וועלכן ער שטעלט אַוועק באַם פייער.) ווילט איר אפשר עפּעס עסן?

זי (שפּאַסנד): אַך, גאָט, וואָס פאַר אַן איידלקייט! וואו האָט איר זי פּלוצלונג אויפגעזוכט? (צעלאַכט זיך.)

ער (לאַכט מיט): ענטפערט, איר וועט לאַכן שפּעטער.



זי (קוקט אָף אים): ערשט אַצינד זע איך, אַז אייער פּנים איז אַ גאַנץ סימפּאַטיש־מענטשלאַכער.

ער (פריילאַך): אום גאָטעס ווילן, מאַטערט מיך ניט! וואָס ווילט איר עסן?

זי (הויבט מיט די אַקסלען): גאָט'ס נסים, ניט צום דער־קענען.

ער (לאַכט): נו, וואָס ווילט איר עסן?

זי: קיין זאַך ניט. כ'וויל בלויז אַ פּאָר גלעזער טיי מיט איינגעמאַכטס אָדער מיט אַ שטיקל ציטרין, אויב איר האָט נאָר. די פייכטקייט פונ'ם דרויסן האָט מיך דורכגענומען.

ער (לויפט אין קיך, קומט צוריק מיט אַ גלאָז און ציטרין אין איין האַנט און אין דער צווייטער האַלט ער דריי סלויעס אַיינגעמאַכץ. שטעלט זיי אַלע אַוועק אָפּ'ן טיש).

זי (שמייכלט): מער קיין סלויעס האָט איר שוין ניט?

ער: ניין.

זי (לאַכט): נו, און וואו איז אייער גלאָז?

ער (לייכט צעטומלט): כ'האָב פארגעסן! (לויפט אין קיך, קומט צוריק מיט נאָך אַ גלאָז).

זי (באַטראַכט ביידע גלעזער דורכ'ן שיין): איר וועט מיר אנטשולדיקן. די גלעזער זיינען שוין אַ וואָך צייט ניט געוואַשן געוואָרן. גייט, שווייגקט זיי גוט דורך.

ער: אויב איין וואָך בלויז, איז נאָך נישקשה. (נעמט די גלעזער, גייט אין קיך. קומט באַלד צוריק, שטעלט אַוועק די גלעזער אָפּ'ן טיש).

זי: דאַכט זיך, דאָס וואַסער זידט שוין.

ער (בויגט זיך צו צום טשייניק): קומט זעצט זיך בעסער נעבן קאַמין. איר וועט זיך דערוואַרימען. (קוקט אָפּ'ן פייער.) מיין קאַמין האָט שוין יאָרן־לאַנג אַזוי העל ניט געברענט.

זי (קאַקעטיש): דאָס האַלץ איז ביז איצט, ווייזט אוים, נאַס געווען.

ע ר: ניין. די הענט, וואָס האָבן איצט דעם פייער גע־
מאַכט, זיינען האַרציקע, פאַר'כשופ'טע.

ז י (לאַכט): ווי שנעל אייניקע ווילדע ווערן ציוויליזירט!
(זעצט זיך אין וויג־שטול, וואָס ער רוקט עטוואָס אָפּ אָן אַ זייט. ער
זעצט זיך אַנטקעגן איר, ביידע מיט די פּראָפילן צום פייער. ער גיסט אָן
און דערלאַנגט איר אַ גלאָז טיי, לויפט שנעל אין קיך, ברענגט אַ טעלער
מיט ביסקוויטן און אַ וואַזע מיט פרוכטן, שטעלט זיי אַפ'ן דיל פאַר איר).
נו, טרינקט, עסט ביסקוויטן, פרוכט. (דערלאַנגט איר דעם טעלער).

ז י (נעמט אַ ביסקוויט): קוקט ניט אַף מיר אַזוי מאָדנע.
נעמט אייער גלאָז טיי און טרינקט.

ע ר (נעמט די טיי, טרינקט. פּאַוזע. די שאָטנס רוקן זיך
צונויף אין רעכטן ווינקל).

ע ר ש ט ע ר ש אָ ט ן: דאָס איז זי!

פ ע ר ט ע ר ש אָ ט ן: זע, ווי העל דער פייער ברענט!

צ ו ו י י ט ע ר ש אָ ט ן: דאָס האָט זי דעם קאַמין אָנגע־
צונדן!

ד ר י ט ע ר ש אָ ט ן: דער בעל־הבית וועט שוין קיינעם
מער ניט לויפן זוכן.

פ ע ר ט ע ר ש אָ ט ן: זי וועט בלייבן דאָ.

ע ר ש ט ע ר ש אָ ט ן: ער ציטערט פון גליק און שרעק.

צ ו ו י י ט ע ר ש אָ ט ן: דאָס האָט זי דער רעגן אַהער
אַריינגעבראַכט.

ד ר י ט ע ר ש אָ ט ן: זי וועט אונז אַרויסיאָגן פון דאַנען!

פ ע ר ט ע ר ש אָ ט ן: קיין צווייפל ניט. (זיי דריקן זיך
ענגער צונויף).

ע ר (שטעלט אַוועק זיין גלאָז): איך קען איצט ניט טרינ־
קען. כ'פיל אַזוי ניט געוויינלאַך. ווי מאָדנע זאַכן געשעען
אַף דער וועלט. אָט דאָ ניט לאַנג צוריק בין איך געווען איינער
פון די אומגליקלאַכסטע מענטשן אַפ'ן ערד־קוגל, געטראַכט וועגן
זעלבסטמאָרד און אַלץ דערפאַר, ווייל כ'האָב ניט געקענט געפינען
יענע פרוי, וואָס זאָל קענען אָנפילן מיין הויז מיט האַרציקייט



און וואַרימקייט; וועלכע זאָל זיין ניט נאָר אַ פרוי, נאָר אויך אַ
פריינט אין אַלע הינזיכטן. און פּלוצלינג האָט ווער מיין תפלה
דערהערט, ס'איז געשען אַ נס: דער רעגן האָט אייך צו מיר
אַריינגעטריבן. ערשט דאָ ניט לאַנג האָב איך ניט געוואָלט מיין
טיר פאַר אייך עפענען און איצט ווערט מיין האַרץ צוריסן באַם
געדאַנק וועגן אייער אַוועקגיין. מיר ווילט זיך צופאַלן צו
אייערע פיס און וועמען דאַנקען, דאַנקען.

ז י (בויגט זיך עטוואָס צו, קוקט אים אויפמערקזאַם אָן).

ע ר (רוקט זיך צו עטוואָס נענטער): איין זאַך בעט איך
אייך: נעמט מיך ניט אָן פאַר איינעם פון יענע, וואָס... איר
ווייסט וואָס איך מיין. ניט איך רייד איצט, נאָר דאָס שרייט
פון מיר אַרויס די איינזאַמקייט פון אַ מענטשן, וואָס זוכט זיין
גליק אין אַ צווייטנ'ס לעבן און ווערט יעדעס מאָל אָפּגענאַרט.

ז י (אָנגעשטרענגט): נו, און איצט? מעגלאַך, ס'איז
ווידער אַ נאַרעריי?

ע ר (שאָקלט זיכער מיט'ן קאָפּ אַף ניין. ווייזט אַפ'ן פייער):
ניין, כ'האָב שוין לאַנג אַזוי ניט געפילט. (קוקט מיט דערוואַרטונג
איר אין די אויגן אַריין).

ז י (רעדט פאַרטראַכט): ווער ווייסט? ניטאָ קיין גליק אַף
דער וועלט אַלס אַ באַשטימטע דערגרייכונג פון עפּעס. ניטאָ
קיין באַשערטע. עס איז אָבער פאַראַן אַ וועג פון אייביקן
שטרעבן, אַ וועג פון צושטערטע און אויפבליענדיקע האָפנונגען,
פון פאַלן און זיך אויפהויבן. דאָס איז דער וועג פון יענע,
וואָס זיינען קראַנק מיט דער אומרו פון דער וועלט. קיינער קען
זיי ניט העלפן. איך ווייס עס פון זיך אַליין.

ע ר: איר זיינט גערעכט. איך ווייס עס אויך. גליק איז
בלויז אין זוכן. אַזוי שנעל ווי עס קומט, ווערט עס פאַרשוואונדן.
ס'איז אמת. מיר איז אָבער אויך באַקאַנט דער וואַנזין פון
דערגרייכן דאָס גליק און די הייליקייט פון דער צייט, ביז די
גרויע געוואוינהייט טויטעט אָפּ דאָס יונגע געפיל. און איך לעב
איצט איבער עטוואָס ענלאַכעס. אַ ווילד־פרעמדע, אַ ניט־

נעבעטענע, זיינט איר אריין צו מיר אין הויז, געזאָגט אַ פּאָר ווערטער, געגעבן אַ שמייכל, אָנגעצונדן דאָס פייער אין מיין פאַרפרוירענעם קאַמין און איינגעשטילט מיין אומרו, מיך ווי איבערפילט מיט אַ געפיל ענלאך צו עקסטאַז. איך בעט אייך, טייערע אומבאַקאַנטע, בלייבט דאָ מיט מיר, אויב איר איילט זיך ניט צו ווען, אויב אייער האַרץ איז פריי און זאָגט אייך אונטער, אַז איר קענט אויך אייער גליק דאָ מיט מיר געפינען. זאָל קומען דער מאָרגן און איינעם פון אונז ווידער אַרויסטרייבן אַפ'ן לעבנס־וועג זוכן זיין פאַרשוואונדענע רו. זאָל ער קומען! וועט דער צווייטער ביז דער טיר אים באַגלייטן, צום האַרצן צודריקן און מיט טרערן דאַנקען פאַר דעם גליק, וואָס ער האָט אים געשענקט. (קוקט איר אין די אויגן אריין).

ז י (קוקט אַף אים אַ ווײַלע, לייגט לאַנגזאַם אַרויף איר האַנט אַף זיין קאָפּ).

ע ר (ציטערט אויף, דריקט צו מיט ביידע הענט איר האַנט צו זיין קאָפּ).

ערשטער שאָטן: זי בלייבט שוין דאָ!

צווייטער שאָטן: און אַלע אָוונט וועט העל ברענען דער קאַמין.

דריטער שאָטן: און אַ סך מענטשן וועלן אַרומגיין, הויך ריידן און פריילאַך לאַכן!

פערטער שאָטן: מיר קענען זיך שוין דאָ מער ניט געפינען!

אַלע שאָטנס (צוזאַמען) ניין! מיר קענען ניט! ס'איז צו ליכטיק! צו פריילאַך! מיר קענען ניט! (צעלויפן זיך אין פאַרשיידענע זייטן. פּאַוזע. דער מאַן נעמט פּראַזיכטיק אַראָפּ דער פרוי'ס האַנט פון זיין קאָפּ, קוקט איר אַ ווײַלע אין די אויגן, דריקט לאַנגזאַם צו איר האַנט צו זיינע ליפּן. זי לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. פּאַוזע).

דער פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.

# ווי מיר זיינען

(אַ באַרעליעף)

## פּערזאָנען:

גאָרסקי.

אננאַ.

ראָבען.

סילוויא.

זייערע גערדאַנקען אין פיר מענטשן-געשטאַלטן.

אַ געדיכט פֿאַרוואַקסענער ווינקל אין אַ שטאָטישן גאָרטן. עטוואָס רעכטס — אַ לאַנגע באַנק, פֿאַר וועלכער עס לויפֿט לינקס־צו אַ ווייסע סטעזשקע. פֿאַרנאַכט. ווייט צווישן די ביימער זעצט זיך גאָלדיק די זון.

אַף דער באַנק זיצן גאַרסקי און אַנאַ. ער קוקט אַריין אין אַ מאָנאַט־שריפֿט. זי לעזט אַ בוך. זי איז שוין אין די הויכע חדשים. פּאַוזע.

ג אַ ר ס ק י (לאָזט אַראָפּ די שריפֿט אַף די קני): פּראָפֿעסאָר סטאַמבער האָט דאָ אַן אויסגעצייכנטן אַרטיקל איבער דער פֿראַגע, ווי אַזוי אַ שוואַנגערע פֿרוי דאַרף זיך אויפֿפֿירן ביז זי ווערט אַ מוטער.

אַ נ נ אַ (פֿאַרמאַכט דעם בוך): זײַ אַזוי גוט, ליבער, לעז עס פֿאַר מיר דורך.

ג אַ ר ס ק י: ס'איז ניט נויטיק: איך וועל עס דיר איבער־געבן אין עטלאַכע זאַצן. ער הייסט גיין אַלע טאָג ניט ווייניקער ווי דריי מייל, טאָן די טעגלאַכע הויז־אַרבעט, ניט הויבן קיין שווערע זאַכן, עסן אַלץ, וואָס עס גלוסט זיך, וואָס ווייניקער זיך אויפֿרעגן און זיך געפֿינען וואָס מער אַף דער פֿרישער לופֿט.

אַ נ נ אַ (צופֿרידן): איך טו דאָס אַלץ.

ג אַ ר ס ק י: און ווייסט זיכער האָבן אַ געזונט, שיין קינד. (וואַרפֿט אַ בליק אַף איר בויך). אַ וואונדערבאַרע זאַך, ווי באַ־גריפֿן בייטן זיך. פֿון תּמיד אָן האָב איך פֿײַנט געהאַט שוואַנ־גערדיקע פֿרויען: זייערע גרויסע בײַכער האָבן באַליידיקט מײַנע עסטעטישע געפֿילן. און איצט קוק איך אָפּט אַף דיר, און מיר דאַכט זיך, אַז שוואַנגערשאַפֿט איז גאָר אַ שיינקייט,

אז פון יעדן פעלדל פון דיין קלייד, פון דיין יעדער באוועגונג רייסט זיך דער סוד פון דעם קליינעם באשעפעניש, וואס דאַרף דורך אונז שוין באלד אין לעבן אריין קומען.

אננא (שמייכלט): אך, ווי דיין פאטערשאפט האט זיך אזוי פאעטיש אין דיר צעברענט.

גארסקי (לאכט): פאטערשאפט מיי־איי. גדענקסט דאך סטרינדבערג'ס פאטער?

אננא: כ'האף, דו שטעלסט זיך נאך ניט אין זיין לאגע?

גארסקי: דערווייל נאך ניט. אבער אזוי לאנג, ווי דאס קליינע נפש'ל וואקסט ניט אויס אין דער טיפעניש פון אונזערע מענערשע קערפערס, קענען אונזערע געפילן אפילו ניט פאר־גליכן ווערן צו דער מוטער'ס.

אננא: דאס איז ריכטיק.

גארסקי (שמייכלט): שטעל זיך פאר אזא פאל: נעכטן, פארבייגייענדיק א מעבל־קראם, בין איך אומבאוואוסטזיניקערהייד שטיין געבליבן בא א פענסטער און גענומען קלייבן א קינדער־בעטעלע.

אננא: ס'איז ניט מער ווי נאטירלאך. איך האב שוין פאר'ן קינד אויסגעקליבן טויזנטער זאכן. דאס איינציקע, וואס שטערט מיר, איז, וואס כ'ווייס ניט, צי ס'וועט זיין א אינגל אדער א מיידל.

גארסקי (קוקט אפ'ן זייגער): מיר איז אלץ איינס. שוין באלד זיבן. פילסטו ניט ווי אהיים צו גיין?

אננא: באלד. מיר וועלן זיצן נאך אביסעלע. (קוקט זיך ארום). דער ווינקל איז א פראכטפול־שיינער!

גארסקי: און א גאנץ באהאלטענער. בלויז פארליבטע מיט'ן חוש פון זייערע געפילן קענען אים אויסזוכן.

אננא (טוליעט זיך צו אים): ווי שיין דו רעדסט צייטנ־ווייס!

(רעכטס באווייזן זיך ראבען און סילוויא, ענג צוגעדריקטע איינער צום צווייטן. רעדן עפעס שטיל צווישן זיך.)



גארסקי: זע, אט קומט ראבען מיט סילוויא!

אננא (קוקט זיך אנגעשטרענגט איין): האסט, דאכט זיך, א טעות.

גארסקי: דאס זיינען זיי זיכער.

(דאס פארל דערנענטערט זיך.)

גארסקי (שטייט אויף, זאגט צום פארל): ס'איז איינפאך א בושה, מענטשן זאלן צין מאנאטן נאך דער חתונה זיך נאך אלץ נאריש מאכן, ווי אין די ערשטע האניק־טעג.

סילוויא (לאכט): זע, ראבען, גארסקי איז דא!

ראבען: און אננא, ווי געוויינלאך, מיט אים!

סילוויא (צום מאן, מיט א באהאלטענער איראניע): זעלבסטפארשטענדלאך! (גייט צו, צוקושט זיך מיט אננא'ן). נו, וואס מאכסטו, אנגעלץ טייערע? דיך שוין אזוי לאנג ניט געזען!

אננא (איינגעהאלטן): יא, שוין לאנג.

סילוויא: און ס'איז דיין שולד! איך בין צוויי מאל בא דיר געווען, און דו בא מיר קיין איין מאל ניט. כ'האב פעסט באשלאסן, אז ביז דו וועסט מיר ניט אפגעבן קיין וויזיט, זעסטו מיך ניט מער בא זיך. און ווי ס'ווייזט אויס הארט עס דיך גאנץ ווייניק.

גארסקי: אום גאטעס ווילן, סילוויא, גיט אף מיר אויך א קוק!

סילוויא (גיט אים די האנט): וואס ווייניקער מען קוקט אף אייך, מענער, אלץ געזינטער איז!

ראבען (ניט הויך): וואס מאכט איר, אננא?

אננא (ווארפט אף אים א זייטיקן בליק, גיט אן אומ־באשטימטן בויג מיט'ן קאפ. זאגט סילוויא'ן): און דו ביסט די זעלבע קאקעטקע ווי שטענדיק.

סילוויא (לאכט): צום באדויערן איז דאס דער איינ־ציקער מיטל, דורך וועלכן מען קען זיי אלע (ווייזט אן אף די מענער) צווינגען ארויסצואווארפן א ווייסע פאן.

גארסקי: איך רעכן, סילוויא טייערע, איר דארפט שוין האָבן א גאַנץ היבשע קאָלעקציע ווייסע פאָנען?!

אננא (סאַרקאַסטיש): וואָס פאַר א פראַגע!

סילוויא (לאכט. זאָגט צו אננאַ, א ביסל שטילער): בייס זיך ניט, מען קען דיך! (צו גאַרסקי'ן): ניט צו פאַרזינדיקן.

אננא (אָנווייזנדיק אַף ראָבענ'ען): איך האָף, זיין ווייסע פאָן איז שוין די לעצטע?

גארסקי (לאכט): איין גאָט ווייסט!

סילוויא (לאכט): אננאַ, ביסט היינט שוין עפּעס צו סאַרקאַסטיש. קען איך דיר, אפשר, מיט עפּעס העלפן? (זעצט זיך אַף גאַרסקי'ס פּלאַץ. ער פאַרנעמט דעם פּלאַץ נעבן איר).

אננא: איך צווייפל ניט אין דיין גוטסקייט.

גארסקי (צו ראָבענ'ען): וואָס שטייסטו עפּעס אזוי ווי א נעבטיקער?

ראָבען (זעצט זיך נעבן אננאַ'ן): אַ, גאָרניט. ווען פרויען ריידן צווישן זיך, איז פאַר אונז דאָס געזונטסטע צו הערן און שווייגן.

(אַלע רעדן עפּעס שטיל צווישן זיך. פון אונטער דער באַנק רוקן זיך ארויס זייערע געדאַנקען אין געשטאַלט פון פיר נאַקעטע מענטשן. אַלע זיינען זיי אין מאָס קלענער פון זייערע בעלי־בתים און האָבן אין זיך עטוואָס ענלאַכעס צו זיי. זיי טראָגן געשטריקטע אנצוגן פון דער זעלבער פאָרם ווי די קליידער פון די, וועמען זיי שטעלן פאָר. סילוויאַ'ס קלייד איז רויט, אננאַ'ס — בלוי. גאַרסקי'ס אנצוג לייכט־ברוין, ראָבענ'ס — שוואַרץ. א ווילע ליגן זיי אויסגעצויגן אַף זייערע בייכער, מיט די קעפּ פאָראויס, באַטראַכטן זיך, נאָכדעם קריכן זיי אָרויס און זעצן זיך אויס נעבן די פיס פון זייערע בעלי־בתים. א פּאוזע. זיי פאַנגען אָן ריידן צווישן זיך.)

(דער געשפּרעך פון די געדאַנקען.)

גאַרסקי'ס געדאַנק: סילוויא, דו ביסט פּראַכט־פול!



סילוויאַ'ס ג—ק: שענער פון דיין אננאַ'ן בין איך זיכער!

גאַרסקי'ס ג—ק: אָן צווייפל. איך קען פון דיר מיינע אויגן ניט אָפּרייסן.

סילוויאַ'ס ג—ק (בויגט זיך צו קאָקעטיש): וואָלסטו זי פאַרלאָזן צוליב מיר?

גאַרסקי'ס ג—ק: יאָ, אָבער ניט איצט, אין אזא לאַגע.

סילוויאַ'ס ג—ק: איך האָב זי פיינט, פּונקט ווי זי מיך!

גאַרסקי'ס ג—ק: נו, און דו וואָלסט פאַרלאָזן דיין ראָבענ'ען?

סילוויאַ'ס ג—ק: יאָ. מיט א ביסל אָנשטרענגונג. ער איז זיכער ניט מיין לעצטער.

גאַרסקי'ס ג—ק (נעמט זי אָרום): איך וויל דיך אזוי שטאַרק, אַז יעדער אבר ציטערט אין מיר!

סילוויאַ'ס ג—ק (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ אַף זיין אַקסל): ס'איז גוט מיט דיר. (לאַכט שטיל, אויפרעגנדיק).

ראָבענ'ס ג—ק: ווי שווער מיר איז איצט, אננאַ!

אננאַ'ס ג—ק (זיפצט שווער): פּונקט ווי מיר!

ראָבענ'ס ג—ק: דיין שוואַנגערשאַפט האָט מיך ווי צודריקט.

אננאַ'ס ג—ק: און מיך שטיקט אָן עקל פון דיין הייסער ליבע צו דער אויסגעלאַסענער סילוויאַ'ן!

ראָבענ'ס ג—ק: פאַרוואָס זיינען מיר זיך אזוי פּלוצלינג און נאַריש צעגאַנגען?

אננאַ'ס ג—ק: ווייל דיין ליבע צו מיר איז אָפּגעשטאָרבן.

ראָבענ'ס ג—ק: ניין, דאָס האָט זיך דיין ליבע גע־ענדיקט. איך בענק נאָך איצט נאָך דיר.

אננא'ס ג—ק (שטיל): איך אויך. (ביידע קוקן זיך איין אײנער אין צווייטן). וואס־זשע איז פארט געשען, ראבען?

ראבענ'ס ג—ק (נעמט אננא'ס האנט, דריקט זי צו צום הארצן): מיר האבן איבערגעטראטן אימיצנס געזעצן פון מענטשלאכן צוזאמענלעבן און זיינען באשטראפט געווארן.

אננא'ס ג—ק: אלע לעבן פונקט אזוי.

ראבענ'ס ג—ק: און אלע מאטערן זיך און טראגן די שטראף?

אננא'ס ג—ק (דורך טרערן): ווי אזוי־זשע פארט דארף מען לעבן, כדי דאס גליק ניט אפצוטויטן אזוי גיך?

ראבענ'ס ג—ק (שאקלט טרויעריק מיט'ן קאפ): כ'ווייס ניט, קיינער ווייס ניט... צו דעם זיינען מיר נאך ניט דערגאנגען. (ביידע זיצן מיט טיף־געבויגענע קעפ).

(די פערזאנען ריידן).

גארסקי (אויפגעלעגט): הער, ראבען, אויב מיר האבן זיך שוין יא היינט געטראפן, זאלן מיר אויך דעם זונטיק פאר־ברייננגען צוזאמען.

ראבען: אויסגעצייכנט! (צו סילוויא'ן) ווי געפעלט דיר דער פלאן?

סילוויא: זייער.

ראבען (צו אננא'ן): איך האף, איר, אננא, האט אויך גארניט דאגעגן?

אננא: זיכער ניט. די פראגע איז בלויז, ווי אזוי איך וועל פילן.

גארסקי (צו אננא'ן): איך האף, וועסט פילן גוט.

סילוויא (צו אננא'ן, אנווייזנדיק אף איר גרויסן בויך): זעסט, טייערע, צו אזא נארישקייט וואלט איך שוין ניט דער־לאזט. זאלן זיך אנדערע זארגן פאר דער פארטזעצונג פונ'ם מענטשלאכן דור. איך קימער זיך בלויז פאר מיין געזונט און שיינקייט.



ראבען (מיט א באהאלטענעם זיפץ): איז א קינד ניט איינע פון די גרעסטע שיינקייטן?

סילוויא (לאכט): א, ליבער מיינער, איך גיב עס צו. און ווען דו ווילנסט נאר איין עס אויסצוטראגן און האבן, וואלט איך מיט פארגעניגן געווארן א מוטער און דיר ארויס־געהאלפן אויסצוכאווען עס.

גארסקי (לאכט): דאס איז א שפאס! איך שטעל זיך נאר פאר, ווי ראבען פארגייט עס אין טראגן פון סילוויא'ן, ווי די גרויסע דאקטוירים קומען צופארן אים אונטערזוכן.

סילוויא (פריילאך): דאס זיינען מיינע קאנדיציעס.

אננא: ביסט קלוג, סילוויא, גאר ניט נאך די יארן.

סילוויא (שטעכיק): מיר מוזן אבער פריער עפענען דעם סוד פון אונזער עלטער.

ראבען: מיר זיינען אוועק אן א זייט. ווי בלייבט עס מיט'ן זונטיק?

אננא: כ'דענק, מיר זאלן עס אפלעגן אף שפעטער.

ראבען: ניין, ניין. דאס טויג ניט!

סילוויא: אננא, שלאג ניט אפ! זאלן אונזערע שונאים — די מענער, ניט זאגן, אז מיר זיינען שטערער.

גארסקי (בויגט זיך צו צום ווייב): איך האף, טייערע, וועסט פילן גוט. לאמיר זיך אביסעלע אויפמונטערן: מיר זיינען זיך שוין צופיל פארזעסן אין דער היים. מיר וועלן זיין זייער פארזיכטיק.

אננא: גוט, איך שטיי ניט אין וועג.

סילוויא (פריילאך שפאטיש): לאנג לעבן זאל יענע פרוי, וואס שטייט ניט אין וועג!

אננא: צי אפשר יענע, וועלכע שטייט אין פילע וועגן?

סילוויא: אינטערעסאנטער איז זיכער די לעצטע.

אננא: ווי פאר וועמען.

סילוויא: פאר א גרעסערן טייל מענער אלענפאלס!

אננא: פאר'ן ביליגערן — זיכער!

ג א ר ס ק י: מיין גאָט, עס שמעקט מיט פּולווער! ראָבען, שווייג ניט! שנעל באַשלים וואוהין מיר פאָרן הײנטיקן זונטיק אָדער... (אַלע לאַכן, רעדן צווישן זיך. באַלד ווי זיי ווערן אַנט־שוויגן, פאַנגען זייערע געדאַנקען אָן צו רעדן.)

(דער געשפּרעך פון די געדאַנקען).

ג א ר ס ק י' ס ג — ק (קושט סילוויא'ן): דו ביסט איין שטיק ליידנשאַפט! דיינע ברוסטן רייסן זיך אַנטקעגן יעדן מאַן און דיינע קײלאַכדיקע פּלייצעס רופן און זאָגן צו, אַז ס'וועט ניט זיין אומזיסט.

ס י ל ו ו י א' ס ג — ק (לאַכט שטיל, אַנציענד): איך וויים עס. איך האָב עס ליב.

ג א ר ס ק י' ס ג — ק: איך שטעל זיך פאָר, וויפיל מענער דו האָסט שוין געהאַט!

ס י ל ו ו א' ס ג — ק: זיכער ווייניקער, ווי דו פרויען!

ג א ר ס ק י' ס ג — ק (לאַכט): דאָס געווים. (קושט זי.) זאָג, טייערע, ווען ביסטו אליין אין הויז?

ס י ל ו ו י א' ס ג — ק: אָ, ווי אומגעדולדיק דו ביסט! נו, און וואָס איז מכח דיין שוואַנגערדיקער פרוי?

ג א ר ס ק י' ס ג — ק: דאָס זעלבע, וואָס מכוח דיין וואוילן, אָבער אביסל נאַרישלאַכן מאַן.

ס י ל ו ו י א' ס ג — ק: ער איז קליגער פון אונז ביידן און זיכער ערלאַכער פון דיר!

ג א ר ס ק י' ס ג — ק: אָבער דו דאַרפסט אָפּט פילן נאַנץ לאַנגווייליק מיט אים.

ס י ל ו ו י א'' ס ג — ק: זיכער פרײלאַכער ווי דו, מיט דיין נודנע־ערלאַכער ווייב.

ג א ר ס ק י' ס ג — ק (דריקט זי צו זיך): וואָס איז דער חילוק! קיין זאַך גייט מיר איצט ניט אָן אחוץ דיר. ווען קען איך דיך זען?

ס י ל ו ו י א' ס ג — ק: ביסט אַן אונטרײער הונט, אָבער געפעלסט מיר זייער. איך וויל זיך אויך נוקם זיין אָן דיין גע־



שוואָלענער ווייב, אָבער כ'האָב פיינט צו שפּילן אַ צווייטע פידל.

ג א ר ס ק י' ס ג — ק: איך גלויב, ביסט צו קלוג, זאָלסט וועלן אַ צווייטנדיקע טראַגעדיע, ווען מען קען זי לייכט אויס־מיידן? פאַרשטייסטו אַליין ניט, אַז אַזעלכע ווי מיר, מוזן האָבן נעבן זיך באַשעפענישן, וואָס זאָלן זיין בעסער און ערלאַכער פון אונז אַליין? צוזאַמען וואָלטן מיר ביידע קיין צוויי וואָכן ניט אויסגעהאַלטן.

ס י ל ו ו י א' ס ג — ק: ביסט אַ גאַנצער פּסיכאָלאָג.

ג א ר ס ק י' ס ג — ק: אפילו קיין האַלבער אויך ניט. איך וויל דיך, בין גרייט צו צאָלן דעם פולסטן פרייז, אָבער עס זאָל האָבן אַ גערדאַנק.

ס י ל ו ו י א' ס ג — ק: אין גרונט גענומען זיינען די מערסטע מענטשן קליינלאַכע באַשעפענישן.

ג א ר ס ק י' ס ג — ק: ווי ס'ווייזט אוים, ביסטו עס דער פּסיכאָלאָג, ניט איך. אָבער וואָס גייט מיך דאָס אַלץ אָן? (דריקט זי צו זיך.) ווען קען איך דיר זען?

ס י ל ו ו י א' ס ג — ק: פרייטיק 9 אַזייגער נייט ער אַוועק אַף אַ פאַרזאַמלונג.

ג א ר ס ק י' ס ג — ק (קושט זי): כ'וועל זיין אין צייט. (דריקט זי צו זיך.)

ר אָ ב ע נ' ס ג — ק (הויבט אויף דעם קאָפּ. זיפצט): דאָס קינד, וואָס דו, אננא, טראָגסט, האָט באַדאַרפט זיין פון מיר.

א נ נ א' ס ג — ק: פריער ביסטו געווען דאַגעגן דעם. געדענקסט, איך האָב דיך ניט איינמאָל געבעטן?

ר אָ ב ע נ' ס ג — ק: ווי פאַרברעכעריש־נאַריש פילע זאַכן פון יענער צייט זעען בא מיר איצט אוים!

א נ נ א' ס ג — ק: דאָס קינד, וואָס מיר האָבן אַמאָל פאַרניכטעט, וואָלט שוין איצט זיבן יאָר אַלט געווען.

ר אָ ב ע ן' ס ג — ק (טרויעריק): אַ אינגעלע פון זיבן יאָר.

(ביידע זיפצן שווער).

אננא'ס ג—ק: זאג, ביסטו גאטש גליקלאך מיט דיין האלב־אויסגעלאסענער פרוי?

ראבען'ס ג—ק: איך האב זי ליב.

אננא'ס ג—ק: ווי פיינט איך האב זי!

ראבען'ס ג—ק (לאזט אראפ דעם קאפ).

אננא'ס ג—ק: זי וועט דיך צו יעדער צייט פארבייטן אף א רייכערן, א איינגערן, א שענערן.

ראבען'ס ג—ק (צונעמט די הענט): איך ווייס עס.

אננא'ס ג—ק: כ'וואלט געוואלט זי זאל שטארבן!

ראבען'ס ג—ק: וואס וואלט דיר פון דעם ארויסגע־קומען?

אננאס ג—ק: אזעלכע ווי זי טארן ניט עקזיסטירן!

ראבען'ס ג—ק: ווי טרויעריק אלץ איז!

אננא'ס ג—ק (ווישט די אויגן): ווי שווידערלאך!

סילוויא'ס ג—ק (דרייט אוים דעם קאפ צו אננא'ן): איך האב דיך, אננא ליב פונקט ווי דו מיך! ביסט א זיס־נודנע לעקאכל, פון וועלכן עס קערן זיך איבער די קישקעס!

אננא'ס ג—ק: און דו ביסט א גאסן־פרוי!

סילוויא'ס ג—ק: און פון דיין צווייפלהאפטער ערלאכקייט טראגט מיט שימל פאר דריי מייל.

אננא'ס ג—ק: און דיך דערקענט מען פאר צען מייל, ווער דו ביסט!

סילוויא'ס ג—ק: מיין ערלאכקייט האט די זעלבע ווערט ווי דונע, אבער קיין מעלקעדיקע קו, ווי דו, בין איך זיכער ניט!

אננא'ס ג—ק: עס עקלט מיך אפט צו קוקן אף דיר!

סילוויא'ס ג—ק: זע בעסער דיין מאן זאל ניט אוועק מיט מיר!

אננא'ס ג—ק: וועסט עס ניט דערלעבן!

סילוויא'ס ג—ק: כ'סען עס שוין גאר דערלעבן און גאנץ ניך אויך. כ'דארף נאר וועלן.



אננא'ס ג—ק (קוקט זי אן מיט האס. קערט זיך אפ).

גארסקי'ס ג—ק (בויגט זיך איבער צו ראבענ'ען): ביסט א גרויסער נאר, ראבען. צו וואס האסטו געדארפט האבן אזא ווייב, ווי סילוויא?

ראבען'ס ג—ק: צוליב דער זעלבער אורזאכע וואס דו האסט גענומען אזא, ווי אננא.

גארסקי'ס ג—ק: אפשר וואלטן מיר זיך גאר גע־ביטן מיט די ווייבער?

ראבען'ס ג—ק: דיינע איז שוין געווען אמאל מיינע. זיך צוגאנגען.

(די געדאנקען זעצען שטיל פאר זייער געשפרעך. די פערזאנען פאנגען אן רעדן).

גארסקי: הערט, איך דענק, מיר זאלן זיך דורכפארן אף שבת און זונטיק קיין ראקאוויי־ביטש.

סילוויא: צו שמוציק און צופיל מענטשן.

ראבען: אויב אזוי, פארן מיר קיין לאנג ברענטש.

סילוויא: דאס איז שוין פיל בעסער.

גארסקי (בויגט זיך צו צו אננא'ן): ווי געפעלט דיר לאנג־ברענטש?

אננא: ניט שלעכט.

גארסקי: בלייבט עס, הייסט עס, לאנג ברענטש!

(ווארפט א זייטיקן בליק אף סילוויא'ן, וואס ענטפערט אים מיט א שעלמישן שמייכל.)

סילוויא: מען מוז זיך אבער פריער באווארענען מיט א פלאץ, וואו צו שטיין.

ראבען: אן צווייפל. איך וועל מארגן פרי אפרופן מיינעם א פריינט און ער וועט אונז שוין באזארגן מיט צוויי צימערן.

גארסקי: אויסגעצייכנט. הייסט עס, שבת צוויי א זייגער טרעפן מיר זיך בא מיר אין הויז. מיר וועלן כאפן א קיי און זיך לאזן אין וועג אריין. באשלאסן?

ראַבען: באַשלאָסן!

סילוויא (נעמט ארום אננאַ'ן): ווי בלייך דו זעסט אוים! (ווייזט אָן אַף איר בויך.) ס'איז, אפנים, ניט גרינג מיטצושלעפן אזא פעקל?

אננאַ: גאָט וועט דיר העלפן, וועסטו אליין ווייסן.

סילוויא: ביים דיר אָפּ אַ האַלבע צונג!

גארסקי (צו ראַבען'ען): ניט געזאָרגט, ברודער. אויב עס וועט אונז דאַרטן ווערן אביסל לאַנגווייליק, וועלן מיר זיך אויסזוכן אַ פּאָר בלאָנדע מלאָכים'לאַך און . . .

סילוויא: אַ גאַנץ גוטער געדאַנק. איך וועל אויך זען קריגן עפּעס אַ שוואַרצן טייוול און וועל זיך, מן־הסתם, אויך ניט לאַנגווייליקן. אַ שאָד, אננאַ וועט עס ניט קענען טאָן.

אננאַ: זאָרג זיך, סילוויא, בלויז פאַר דיינעטוועגן.

סילוויא: איך טו עס שטענדיק.

אננאַ (צום מאַן): מיר'ן שוין גיין. איך פיל מיד.

גארסקי (שטעלט זיך אויף): איך בין פאַרטיק.

ראַבען: וואָס איילט איר זיך אזוי? קומט, וועלן מיר זיך נאָך דורכגיין אביסל.

גארסקי (וואַרפט אַ פרעגנדיקן בליק אַף דער פרוי).

אננאַ: ניין, כ'פיל זייער מיד.

(אַלע שטייען אויף, גיבן זיך די הענט. אננאַ און סילוויא צוקושן זיך).

גארסקי: איז אָפּגערעדט?

ראַבען: מאָרגן רוף איך אָפּ און מען וועט אונז פאַר־זאָרגן מיט צימערן.

אַלע (דריקן זיך די הענט): אַ גוטע נאַכט, בלייב געזונט. צו ווידערזען. (זיי צוגייען זיך לאַנגזאַם: גארסקי און אננאַ רעכטס, ראַבען און סילוויא — לינקס. גארסקי און סילוויא קוקן זיך שנעל אום.)

(די געדאַנקען ריידן צווישן זיך).



ראַבענ'ס ג—ק (הויבט זיך אויף צוזאַמען מיט אננאַ'ס ג—ק): אַ גוטע נאַכט, אננאַ. עס טוט מיר איצט באַנג אַף אַ סך, אַ סך זאַכן.

אננאַ'ס ג—ק: אַ גוטע נאַכט. מיר אויך. אָבער העלפן קענען מיר זיךביידע ניט. (ער גיט איר אַ קוש אין האַנט, זי אים אין שטערן, און ביידע צוגייען זיך לאַנגזאַם נאָך זייערע בעלי־בתים. אינמיטן וועג בלייבן ביידע שטיין, קוקן זיך אום טרויעריק און גייען ווייטער).

גארסקי'ס ג—ק (קושט סילוויא'ן): אַך, דו טייוול, ווי שאַרף־זים דו ביסט!

סילוויא'ס ג—ק: גענוג, מען דאַרף גיין. (ביידע הויבן זיך אויף.)

גארסקי'ס ג—ק: הייסט עס פרייטיק 9 אזייגער?

סילוויא'ס ג—ק: יאָ. קום אביסל פריער.

גארסקי'ס ג—ק (מיט פרייד): גיב מיר איין קוש. כ'בעט דיך.

סילוויא'ס ג—ק (לאַכט): ווילסט צו פיל, בחור. (גיט אים אַ שנעלן קוש אין די ליפּן, דרייט זיך געשיקט ארום פון זיינע הענט און אַנטלויפט מיט אַ שמייכל, רופנדיקן געלעכטער. פאַרבייגייענדיק אננאַ'ן שרייט זי איר אריין אין פּנים): ביסט אַ קו! (פאַרשווינדט לינקס.)

גארסקיס ג—ק (שרייט איר פריילאך נאָך): אַך, דער טייוול זאָל דיך נעמען! (רייבט אויפגעלעגט די הענט, גיט אַ שפרונג אונטער און לויפט רעכטס. פאַרבייגייענדיק, שרייט ער ראַבענ'ען אין פּנים אריין): ביסט אַן אייזל, פריינט! (פאַר־שווינדט. אננאַ'ס און ראַבענ'ס געדאַנקען בלייבן שטיין פון ביידע זייטן, קוקן זיך אום, גיבן אַ זיפץ, אַ טרויעריקן שאָקל מיט די קעפּ און גייען אָפּ. אַ פּאַוזע).

(פאָרהאַנג.)

# אין זיך

(אַ פּסיכאָלאָגישער עטיוד)

פּערזאָנען:

ליוועז
טילי, זיין פרוי.

אַ גרויסער, פּירעקיקער צימער. אין דער מיטלסטער וואַנט אַ טיר, צוויי פענסטער פון ביידע זייטן. דאָס דריטע פענסטער אין דער לינקער וואַנט. רעכטס אַ טיר אין קיך אַריין. לינקס, באַם פענסטער, אַ שרייב טיש; פאַר אים אַ וויג־שטול, באַ די זייטן צוויי אָרם־שטולן. אין רעכטן ווינקל אַ ווייכע סאָפע, אין לינקן אַ שאַפע מיט ביכער. באַ דער רעכטער וואַנט אַ וויקטראָלאַ. אַף די ווענט עטלאַכע בילדער. דורך דער טיר זעט זיך אַ באַלקאָן און פאַר אים לויפן פעלדער. דורך די פענסטער קוקט אַריין אַ גאָרטן.

7 אַזייגער פאַרנאַכט. דער טאָג גייט אַוועק אַ צופרידענער, אַ בלוטיק־רויטער. ליווען זיצט באַם טיש און שרייבט אַ בריוו, טילי שטייט נעבן דער סאָפע און לעגט צוזאַמען וועש. ביידע טראָגן גאָר לייכטע קליידער. אַף די פיס סאַנדאַלן.

אַ פּאַוזע.

ליוועןֹ (נים אויפהערנדיק שרייבן): האָט בען געבראכט היינט עסן פאר די בהמות?

טילי: יאָ. גאַנץ פרי. (אַ קליינע פּאַוזע) די עפּל פאַלן פון די ביימער. מען וועט זיי דאַרפן מאָרגן צונויפקלייבן.

ליוועןֹ: כ'ווייס. מיטאָק צייט וועל איך עס טאָן. אין דער פרי מוז מען דעם קאַרטאָפל אויסגראָבן. (אַ קליינע פּאַוזע).

טילי: די הינער הערן זיך בּיסלאַכווייז אויף צו לייגן.

ליוועןֹ: כ'האָב זיך נאָכגעפרעגט: ס'איז באַ אַלעמען אין דער צייט אַזוי.

טילי: אין שייער דאַרף מען דעם דאַך צורעפּט מאַכן: עס רינט אַריין.

ליוועןֹ: כ'האָב עס באַמערקט. כ'וועל מאָרגן באַשטעלן אַביסל שינדלען.

טילי (דרייט אוים צו אים דעם קאָפּ): וועסט פאָרן אין שטאָט אריין?

ליוועז (שאָקלט מיט'ן קאָפּ אָפּ ניין): ניין. בעז וועט פאָרן.

טילי: וואָס פאר א מאָדנער מענטש דו ביסט: אָדער גאָר אָדער גאָרניט. אָדער ביסט דיין גאַנצן לעבן געלעגן א צוגעבונדענער אין ניו יאָרק און פאר קיין געלט ניט געוואָלט פון דאָרטן ארויסקריכן, אָדער, זינט דו ביסט א שטיקל פארמער געוואָרן, האָסטו אָף דער שטאָט אַזאַ אומ'חן געוואָרפן, אז דו ווילסט אהין אפילו ניט ארייַנשמעקן.

ליוועז (לייגט אוועק די פען, ציט זיך אוים אין שטול): יאָ... האָסט גאַנץ ריכטיק געזאָגט: כ'וויל אפילו ניט ארייַנשמעקן. כ'האָב זיך שוין צופיל אָנגעשמעקט. שיער ניט דערשטיקט געוואָרן. ווייסט, אָפּט, פארנאַכט נאָכ'ן עסן, זיץ איך אַפ'ן באַלקאָן, קוק אָף די ענדלאָזע פעלדער פון ביידע זייטן, אַפ'ן וואַלד, רעכטס, וועלכער צינדט זיך ווי אָן אונטער די שטראַלן פון דער פארגייענדיקער זון, אָף די בייטן פארשידענע ערד־פּירות, וועלכע מיר ביידע האָבן מיט אונזערע אייגענע הענט צום לעבן געבראַכט... איך צי טיף איין זיך די פרישע לופט, קוק אַפ'ן פארנאַכטיקן הימל, פיל ווי זיין לויטערקייט און רואיקייט פילט מיך איינגאַנצן איבער און כ'קען ניט פארשטיין, ווי אזוי איך האָב געקענט אזוי פיל יאָרן פארברענגען אין דעם שמוציקן, שטייַנערנעם ניו יאָרק? ס'איז דאָך א שטאָט פון לעבעדיק־טויטע. ווי גייען זיי דאָרטן; אַלע פון זינען ניט אראָפּ? ס'איז דאָך א שטאָט, וואו האַס און ניט־פארגינערשאַפט פילן אָן די מענטשנס הערצער, וואו מענטשלאַכע פּנים'ער נעמען ביסלאַכווייז איבער פון די ארומיקע שטיינער זייער פארב, אויסדרוק און קאַלטקייט. איך קען בשום אופן ניט באַגרייפן ווי איך האָב עס געקענט אזוי לאַנג אויסהאַלטן, אזוי לאַנג דולדן?

טילי: איצט דאַכט זיך דיר אַלץ אוים אומגלויבלאַך,



און פריער האָט מען דיך פאר די האָר פון דער שטאָט ניט געקענט ארויסרייסן.

ליוועז: ווי נאַריש אַלץ איז געווען. צוערשט מיין שווערע ארבעט אין פאַבריק, דערנאָך אין געשעפט... און אפילו מיין פריערדיקע שטרעבונג צו דער בינע, מיין וואונש צו ווערן א דראַמאַטורג, דאַכט זיך מיר איצט אוים לעכערלאַך.

טילי: נישקשה, דיינע דראַמען זיינען נאָך בעסער ווי די שמאַטעס וואָס זיי שפּילן דאָרטן.

ליוועז: צוואַנציק דראַמען אָנגעשריבן אין די לעצטע זעקס יאָר און מיט קיין איינציקער דער שמוציקער באַנדע די־רעקטאָרן און סטאַר־אַקטיאָרן ניט צוגעטראָפן.

טילי: מן הסתם א צו־קליינער גוטער ברודער מיט זיי געווען.

ליוועז: דער טייוול ווייסט זיי! (א קליינע פּאַוזע) מילא, אַלץ איז שוין אוועק, כ'האָב זיך שוין אויסגעהיילט פון דער דראַמען־משוגעת. כ'האָב צו זיי אַלעמען גאָרניט. צוויי מענטשן זיינען אָבער פאַראַן, מיט וועמען כ'וואָלט זיך געוואָלט אַמאָל אָפּרעכענען. דאָס איז שאַרעווסקי, דער טעאַטער דירעקטאָר, און זיין סטאַר גאָלדמאַן. פון זיי מוז איך נאָך אַמאָל נקמה נעמען. די יאָרן פלעגן זיי מיר דערגיין. בא יעדער באַגעגעניש פלעגן זיי מיך אויסלאַכן: „וואָס מאַכט איר עפּעס, דראַמען מאַנופעקטשורער? ווען ברענגט איר אונז אייער הונדערטסטע פּיעסע? מיר וועלן צוליב איר א שיינעם באַנקעט מאַכן.“ און נאָך זיי פלעגן שוין אויך אַנדערע נאָכטאַנצן און מיך מאַכן פאר א ציל־ברעט פאר זייערע פלאַכע וויצן.

טילי: אידיאָטן! און דיינע פריינט די פּאָעטן מיט די שרייבער, מיינסטו זיינען אפשר בעסער געווען? זיי פלעגן קומען צו אונז אין הויז, זיך אָנפרעסן, אָנטרינקען, אויסהערן דיינע דראַמען, זיי לויבן און שפּעטער אַליין זיי אויסלאַכן.

ליוועז (פארטראַכט): ניט אַלע האָבן אזוי געהאַנדלט. איינציקע פלעגן מיר אָפן זאָגן, אז מיינע פּיעסן טויגן ניט, אז...

כ'זאָל זיך ארויסשלאָגן פונ'ם קאָפּ דעם געדאנק צו ווערן א דראמאטורג.

טילי (בייזלאך): אָבער לייען צענערלאך פלעגן בא דיר אַלע?

ליוועץ (ציט זיך אויס, זאָגט צופרידן): מילא, ווי ס'איז שוין ניט געווען, אבי כ'האָב זיך באפרייט פונ"ם קרענקלאָכן געפיל צו שרייבן פיעסן און ארומלויפן מיט זיי פון איין טעאטער אין צווייטן. (שטייט אויף.) כ'גיב צו. מעגלאך, כ'בין טאקע געווען א שטיקל קרענק. אַף זיך אליין איז יעדער איינער א קנאפּער מבין. נאָך גוט וואָס ס'איז מיר געבליבן גענוג שכל ניט איינגאנצן צו פארנאכלעסיקן דאָס געשעפט און פאר'ן געלט פון דעם קויפן אונזער פארם.

טילי: ווען ניט איך וואָלט אונזער געשעפט אויך צו גרונד געגאנגען. מען האָט דאָך דיך דאָרטן קיין מאָל קיין זכיה ניט געהאט צו זען: אין דער פרי פלעגסטו ארומלויפן צווישן די טעאטערע, בייטאָג ארומגיין מיט די אַקטיאָרן און ביז שפעט ביינאכט זיצן אין קאפע און שמועסן וועגן טעאטער־געשעפטן. און איך בין ווי א הונט צום געשעפט געווען צו־געבונדן.

ליוועץ (גייט צו, נעמט ארום דאָס ווייב): ביסט פאָלקאָם גערעכט, מיין טייערע. דו האָסט אָבער נאָך אַן אנדער אור־זאכע זיך צו פרייען וואָס מיר זיינען פטור געוואָרן פון דער שטאָט. (קוקט איר אין פנים אריין) אין ניו יאָרק פלעגסטו אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק לויפן צו אַן אנדער דאָקטאָר, דיין פנים איז געווען געל, דער מאָגן האָט איינגאנצן ניט געאַרבעט. פאר די צען חדשים אָבער וואָס מיר געפינען זיך אַף אונזער פארם זיינען מיר ביידע גאָר נייע מענטשן געוואָרן. (ווייזט איר אַף ייזנע מוסקולן) גיב א טאָפּ, ווי צוויי שטריק (גיט זיך א דריי און א צי פאַר איר) מיין יעדער גליד איז שטייף און קרעפטיק. (נעמט זי ארום) און דו ביסט דאָך צען מאָל אַזוי שיין און יונג געוואָרן ווי פריער.



טילי (לאַכט צופרידן, שטויסט אים אָפּ פון זיך): גיי, מאך זיך ניט נאריש.

ליוועץ (נעמט זי פעסטער ארום): יאָ, מיין ליבע פאַר־מערקע, דיין הויט איז געוואָרן ריין און ברוין, דיין קערפּער דינער און בויגיקער און דיינע אויגן פינקלען ווי... ווי אזוי זאָגן אונזערע פּאָעטן? זיי פינקלען ווי שטערן, ווי גלי־ווערים אָדער ווי... (קושט זי).

טילי (נעמט אים ארום, לאַכט צופרידן): ווען דו פאָלגסט מיך, טוסטו עס נאָך מיט דריי יאָר צוריק, און מיר וואָלטן שוין איצט געהאט א גוט־ארויפגעאַרבעטע פארם.

ליוועץ: מילא — פארפאלן. מיר האָבן עס נאָך איצט אויך ניט פארשפּעטיקט.

טילי (וואַרפט אַ בליק אין דרויסן): שוין שפּעט. האָסט שוין געענדיקט דעם בריף?

ליוועץ: ניין. נאָך עטלאכע שורות און כ'בין פארטיק.

טילי: אויב אזוי, ענדיק שנעל און איך וועל דערווייל עפּעס מאכן צום עסן. (גייט צו, קוקט ארויס דורכ'ן פענסטער) בעז איז שוין באלד פארטיק מיט'ן מעלקן די בהמות. מען דאַרף ארויסגיין אים צוהעלפן אביסל. (גייט אין קיך).

ליוועץ (גייט צו צום פענסטער, קוקט אַרויס, דרייט זיך אויס אַף צוריק, שטייט פארטראַכט. אַ קליינע פּאַוזע. גייט לאַנגזאַם איבער דעם צימער, בלייבט שטיין באַם טיש, קוקט אַנגעשטרענגט פאַר זיך. אַ פּאַוזע. דערנאָך גיט ער מיט אַמאָל זיך אַ דריי אוים צו דער אריינ־גאַנגס־טיר און זאָגט: „קאָם־אין!"

(די גאַנצע נאָכפאָלגנדיקע סצענע ווערט געשפּילט פּונקט ווי אין צימער וואָלטן נאָך צוויי פּערזאָנען געווען, מיט וועלכע ער פירט אַ געשפּרעך. אַ קליינע פּאַוזע. זיין פּנים נעמט אָן אַ פאַרוואונדערטן איך עס? ווי קומט איר אַהער, הער שאַדעוווסקי? און אויך אויסדרוק. ער פאַרנייגט זיך העפלאך.) אַך, גאָט מיינער, ווער מען זע איר, הער גאָלדמאַן? (ווייזט אָן אַף צוויי שטולן) זיצט! וואָס הערט זיך עפּעס אין שטאָט? ווי גייט עס עפּעס אין אייער

טעאטער־וועלטל? (מיט א לייכטן שפּאָס צו שאַדעווסקי׳ן) איר זיינט נאָך אלץ אונזער גרעסטער טעאטער־דירעקטאָר, (צום צווייטן) און איר דער באַליבטסטער שוישפּילער? (לאַכט) נו, זיצט. דערציילט עפּעס נייס, איך בין דאָך אַן אמת׳ער פאַרמער געוואָרן: לעז אפילו זעלטן ז׳ווען א ציימונג. ווער האָט עס צייט? דאָס פעלד, דער גאָרטן מיט׳ן סאַד נעמען אוועק דעם גאַנצן טאָג. (הערט זיך צו, לאַכט) טאַקע, אין אמת׳ן, ווי קומט איר אהער? מיין פאַרם איז ווייט פון׳ם וועג. (הערט זיך צו שמייכלענדיק. זיין פּנים נעמט אָן א פאַרוואונדערטן אויסדרוק) וואָס? איר זיינט נעקומען ספּעציעל מיך זען? איר ווילט מיט מיר איבעררעדן וועגן קויפן א פּאָר פון מיינע דראמען? (לאַכט ניט־גלויביק) האַ, הערט אויף צו שפּאַסן: מיך וועט איר שוין מער ניט נאַרן און פון זיך בלויז חוזק מאַכן. (קוקט ניט־גלויביק. הערט זיך צו. א קליינע פּאַוזע.) האַ, לאָזט צורו! עס האָט קיין געדאַנק ניט! וואָס עפּעס פּלוצלינג האָט זיך אייך פאַרוואָלט מיינע פּיעסן שפּילן? דאַכט זיך דאָ ערשט ניט לאַנג, איידער כ׳האָב זיך אָף מיין פאַרם באַזעצט, האָט איר ביידע גלייך געמאַכט פון מיר בלויז שפּאַס, מיך געהאַלטן פאַר א קרענק, פאַר א משוגענעם, און פּלוצלונג... (קוקט אָף זיי מיט פאַרוואונדערונג. הויבט אויף ביידע אַקסלען. הערט זיך צו. א קליינע פּאַוזע) אָבער אין גאָטעס ווילן, עס מוז דאָך זיין א נעדאַנק דערביי. וואָס האָט איר זיך עס עפּעס פּלוצלינג דערמאָנט אָן מיינע פּיעסן? (הערט זיך איין. שפּאַנט אויפגערעגט איבער׳ן צימער. בלייבט שטיין) דער טייוול ווייסט אייך. אפשר איז די גאַנצע געשיכטע א שפּאַס? ס׳איז אייך שוין צו אומעטיק געוואָרן אין קאַפע צו זיצן, האָט איר באַשלאָסן זיך אביסל פריילאַך צו מאַכן? (הערט זיך איין א ווײַלע. גייט ווידער איבער׳ן צימער. בלייבט שטיין.) גוט, לאָמיר זיך פאַרשטעלן, אַז אלץ איז אזוי ווי איר זאָגט, אַז ס׳איז פאַר אייך קיין נייע דראַמען אָפ׳ן מאַרק ניט פאַראַן און איר האָט זיך ארומגעקוקט, אַז מיינע זיינען גאַנץ גוטע פּיעסן. לאָמיר זיך



פאַרשטעלן, אַז אלץ איז אזוי. ווי־זשע קומט עס, וואָס איר, גוט ווייסנדיק ווי טיף איר האָט מיך פריער באַליידיקט, זיינט דאָך פערזענלאַך געקומען מיר אייער אָנבאָט צו מאַכן און ניט געשיקט קיין קלענערן פון אייך? (הערט זיך איין.) אזוי? איר האָט געוואָלט מיט דעם אייער שולד קעגן מיר און קעגן מיין ארבעט אויסקויפן. (טראַכט א ווײַלע) עס לייגט זיך אָפ׳ן געדאַנק. (גייט איבער דעם צימער. בלייבט שטיין.) וואָס פאַר א צוויי פּיעסן, אשטייגער, וואָלט איר געוואָלט האָבן? (הערט זיך צו.) „די טרוימענדיקע פרויען“ און „די שווארצע פויגלען“? (לאַכט) ווי איך זע פאַרשטייט איר וואָס גוט איז. דאָס זיינען מיינע צוויי בעסטע פּיעסן. (גייט אויפגערעגט איבער׳ן צימער, מיט א ציטערנדיקן שמייכל אָף די ליפּן) אזוי הייסט עס. ווען מען דאַרף דעם גנב — שניידט מען אים אָפּ פון דער תליה. ווען איך בין פריער צו אייך ווי א משוגענער אלע וואָך פאַר יאָרן צייט געלאָפן און זיך געבעטן: „הערט מיך אויס“ — האָט איר מיך בלויז אויסגעלאַכט, און אצינד, ווען כ׳בין אינגאַנצן אוועק פון אייך, קומט איר צו מיר און בעט מיין ארבעט. גייט איבער דאָס צימער, עפנט דעם ביכער־שראַנק, נעמט ארויס צוויי העפטן, בלעטערט זיי דורך, טרויעריק שאָקלענדיק מיט׳ן קאָפּ. זעצט זיך אוועק אין זיין שטול, לייגט אוועק די העפטן אָפ׳ן טיש, זיפצט) גוט! איצט זאָגט מיר אייערע באַדינגונגען און ווען רעכנט איר די ערשטע פון זיי אויפצופירן? (א פּאַוזע. טראַכט א ווײַלע) פיין! איך נעם אָן אלע אייערע באַדינגונגען. נאָך שבת וועל איך קומען אין שטאָט און אייך ברענגען די פּיעסן. (צעלאַכט זיך אָפ׳ן קול. האַקט אָפּ דעם געלעכטער אין מיטן, קומט צו זיך, קוקט זיך דערשראָקן ארום, גייט איבער דאָס צימער, בלייבט שטיין באַם טיש. נעמט די צוויי העפטן, לייגט זיי צוריק אין שראַנק, בלייבט שטיין א פאַרטראַכטער. א פּאַוזע. ער גלייכט זיך אויס, גיט א שמייכל, פאַרנייגט זיך לייכט, זאָגט): ווערטע פּובליקום! איך דאַנק אייך זייער פאַר דער גוטער אויפנאַמע, וואָס איר האָט געגעבן מיין ערשטער פּיעסע. פרייד און גליק זיינען, ווי

ס׳ווייזט אויס, שטארקער פון לײדן, אנדערש וואלט איך געדאפט אצינד זיך אייך אוועקשטעלן דערציילן פון אלע צרות וואס איך בין אויסגעשטאנען ביז אונזער גרעסטער און בעסטער טעאטער־דירעקטאר האט זיך ארומגעקוקט און איז דא ניט לאנג צוריק געקומען מיט נאלדמאנ׳׳ען צו מיר אפ׳ן פארם און געקויפט צוויי פון מיינע פיעסן. ווי שווער ס׳איז שוין אבער דארטן ניט געווען, אייער איצטיקע באגייסטערונג פארגיטיקט אלע צרות און הארץ־ווייטאק, וואס כ׳בין ביז אהער אויסגעשטאנען און ניט מיר האפענונגען אף דער צוקונפט. איך דאנק אייך נאכאמאל, ווערטעס פובליקום! (דריקט ווען די הענט פון ביידע זייטן. פארנייגט זיך, העפלאך שמייכלענדיק. קומט צו זיך. גלייכט זיך שנעל און אומצופרידן אויס. גייט אן אויפגערעגטער איבער׳ן צימער).

**טילי** (רופט פון קיך): ליוועו, קום עסן. אלץ שטייט שוין אפ׳ן טיש. שנעל!

**ליווען** (בלייבט שטיין): כ׳קום גלייך! (שטייט א ווײלע פארטראכט. גייט צו דער טיר. באם שוועל בלייבט ער שטיין, קוקט זיך אום אף צוריק, פארנייגט זיך לייכט אין ריכטונג צו די צוויי שטולן, זאגט ליבלאך): איצט, מיינע פריינט, ווען מיר אף א שטונדע, צוויי, אויפגעבן אונזערע טעאטער־געשעפטן און גיין עפעס עסן. איך וועל אייך איבערצייגן, אז ניט נאר מיינע פיעסן האבן די ווערט אויפגעפירט צו ווערן, נאר אויך מיינע פרוכטן און גרינסן האבן די ווערט געגעסן צו ווערן. הער שאדעווסקי, נאלדמאן, קומט! (פארנייגט זיך העפלאך, מאכט א באוועגונג, פונקט ווי ער וואלט ווען דורכגעלאזן נעבן זיך. גייט ארויס.)

דער פארהאנג.

# שאד־מאט

(א דראמאטישע סקיצע)

פערזאנען:

בערקמאן

סאפי, זיין פרוי

לעדער, זיין פריינט

א נווירט.

(סאָפי'ס שלאָפצימער. זי ליגט אין בעט, פינף טעג נאָכדעם ווי זי האָט געבוירן אַ קינד. בערקמאַן און לעדער זיצן נעבן אַ קליינעם טישל בײַ דער זייט און שפּילן שאַך.)

בערקמאַן (עטוואָס העכער פון מיטעלע יאָרן, טראָגט אַ שפּיציק בערדל מיט וואָנצעס, קוקט דורך גרויסע ברילן, באַוועגט זיך אומבאַהאָלפן, עטוואָס איינגעבויגן די פּלייצע): איך אנטזאָג זיך היינט אבסאָלוט צו פאַרשטיין דיינע גענג. אָדער דו ביסט צעטראָגן, דער קאָפּ ליגט דיר ניט באָם שפּילן, אָדער... אָדער דו ווילסט, אפשר, גאָר נייע גענג אויסטראַכטן? (קוקט אָפּ'ן שאַך־ברעט, הויבט מיט די אַקסלען). איך קען, צום ביישפּיל, ניט באַגרייפן, צו וואָס האָסטו פּלוצלינג דאָס פערד אַרויסגעשטעלט? וואָס קען ער דיר געבן?

לעדער (רייין ראַזירט, עלעגאַנט, מיט אַ יאָר זעקס אינגער פון בערקמאַנ'ען): וואָס דאַרפסטו אַזוי פיל פילאָזאָפירן? גיי און אַן ענדע! (דרייט אויס דעם קאָפּ און קוקט אויף סאָפי'ן).

בערקמאַן (קוקט אָפּ'ן שאַך־ברעט): כ'ווייס ניט. מילא וועלן מיר זען וואָס דו וועסט עפּעס אויפטאָן. (מאַכט אַ גאַנג).

לעדער (קערט שנעל אָפּ דעם קאָפּ פון סאָפי'ן, מאַכט זיין גאַנג ניט טראַכטנדיק. זיפצט שווער).

בערקמאַן (קוקט זיך איין, הויבט ווידער מיט די אַקסלען): איך הויב דיך ניט אָן צו פאַרשטיין. דיינע גענג האָבן מיר היינט איינפאַך צוטומלט. האָסט מיר איצט אונטערגעשטעלט אַן אָפיציר צום שלאָגן און וואָס איז דער געדאַנק פון דעם? דו האָסט דאָך אים ניט מיט וואָס צו באַשיצן. (שפּאַרט אונטער דעם קאָפּ מיט ביידע הענט, טראַכט).

(לעדער קוקט אַף סאָפּי'ן. זי הויבט אויף דעם קאָפּ. ביידע קוקן אַ ווײַלע אײנער אַפֿ'ן צווייטן. זי גיט אַ קרומען שמייכל, ווישט אויס אַ טרער און לאָזט צוריק אַראָפּ דעם קאָפּ אַפֿ'ן קישן.)

בערקמאַן (ניט אויפֿהויבנדיק דעם קאָפּ פֿון ברעט): דער אָפֿיציר איז אַבסאָלוט ניט באַשיצט און איך קען אים נעמען אומבאַשטראָפֿט.

לעדער (דרייט אויס דעם קאָפּ): פּרוּאָוו.

בערקמאַן (וואַרפֿט אַ בליק אַף לעדער'ן, דערנאָך צוריק אַפֿ'ן ברעט): פּרוּאָוון? פּרוּאָוון זאָל איך? (אַנטשלאָסן) גוט! (מאַכט אַ גאַנג און נעמט אַראָפּ דעם אָפֿיציר.) איך בין אַ בעלן צו זען, וואָס דו וועסט מיר טאָן.

לעדער (קוקט אַ ווײַלע אַפֿ'ן ברעט, מאַכט אַ גאַנג).

בערקמאַן: גאָר ניט קיין שלעכטער גאַנג. אָבער וואַרט: האָסט זיך דאָך נעשטעלט אונטער מײַן פֿערד.

לעדער (קוקט זיך אײַן): ביזט גערעכט, כ'האָב געהאַט אַ טעות. (מאַכט אַ צווייטן גאַנג.) אָט אַזוי גיי איך.

בערקמאַן: אָט אַזוי... אָט אַזוי האָט געזאָגט דער דייטש און איז.. געשטאָרבן. אָבער וואָס דײַן „אָט אַזוי" מיינט באַגרייף איך נאָך ניט.

לעדער (וואַרפֿט אַ בליק צו סאָפּי'ן): מײַן „אָט אַזוי" מיינט, אַז דו וועסט נאָך היינט קריגן אַ מאַט.

סאָפּי (דרייט אויס דעם קאָפּ, זעצט זיך אומרואיק אויף.)

בערקמאַן: אַזוי גאָר? גוט, דאָס וועלן מיר נאָך זען.

(דאָס קינד פֿאַנגט אָן צו וויינען.)

לעדער (שפּרינגט אויף): דאָס קינד וויינט!

בערקמאַן: האָסט מיך איבערגעשראָקן! נו און אַז דאָס קינד וויינט, איז וואָס? (שטייט אויף).

סאָפּי (פֿאָרעט זיך באַם קינד).

בערקמאַן: ווילסט עפּעס, סאָפּילע?

סאָפּי: רוף אַרײַן די נוירס.



די נוירס (ערשיינט רעכטס, קוקט אַף איר האַנט־זייגער, לאַכט): פּונקט צו דער מינוט זיך אויפֿגעכאַפּט! אַך, איז דאָס אַ קליינער פּרעסער! (נעמט פֿון טיש אַ גלאָז מיט אַ פּליסיקייט, גיט עס סאָפּי'ן.) ווישט אָרום די בריסט.

סאָפּי (ווישט מיט אַ שטיקל וואַטע די בריסט).

די נוירס: נו, שאַ, שאַ, קליינער פּרעסער. באַלד קריגסטו דײַנס.

לעדער (נערוועז): גאָט מײַנער! פֿאַרוואָס לאָזט איר דאָס קינד זיך אַזוי לאַנג רייסן? עס קען דאָך פֿון די כּחות אויסגיין שרײַענדיק!

די נוירס (לאַכט): עס וועט אים גאָרניט שאַטן. ער וועט בלויז געזינטערע לונגען באַקומען.

סאָפּי (גיט דעם קינד די ברוסט. עס ווערט אַנטשוויגן).

בערקמאַן (צו לעדער'ן): ביזט געוואָרן אַביסל נערוועז די לעצטע צײַט.

לעדער: אַ גאַנצע נאַכט היינט ניט געשלאָפֿן.

בערקמאַן: איז עפּעס געשען?

לעדער: גאָרניט... גלאַט אַזוי ניט געקענט שלאָפֿן.

די נוירס (צו סאָפּי'ן): איך וועל אײַך גיין אָנוואָרימען אַ ביסל זופּ. זעט, האַלט דאָס קינד בא דער ברוסט ניט מער ווי צוואַנציק מינוטן.

סאָפּי: גוט. ווי שפּעט איז איצט?

די נוירס (קוקט אַפֿ'ן האַנט־זייגער): פּונקט ניין. (גייט אַרויס).

בערקמאַן (גייט צו צום בעט, קוקט אַפֿ'ן קינד, זאָגט צופֿרידן): קוק נאָר אָן, לעדער, וואָס פֿאַר אַ יונג דאָס איז! ערשט פֿינף טעג און שוין אַ מענטש מיט לײַטן גלײַך. ניין און אַ האַלב פֿונט, ברודערקע, וועגט ער. ס'איז ניט קיין קלייניקייט. (לאַכט.) זע נאָר, ער האָט אָפּגעלאָזט די ברוסט און קוקט אַף מיר. אַך, ווי איך לעב — ער וועט זײַן אַ חכם!

לעדער (קוקט זיך איין אין קינד. שווייגט.)

בערקמאַן: מיר דאַכט זיך אַלץ, אַז אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום וועט ער שוין רעדן און אַרומלויפן. (לאַכט, קלאַפּט לעדער'ן איבער'ן אַקסל.) ס'איז גוט, טשאַרט פּאָדערי, צו האָבן אַ זון. איצט באַגרייף איך ערשט ווי אינהאַלטסלאָז, נאַריש מיין גאַנצער לעבן איז פריער געווען. פאַרשטייסט, אַ קינד איז געקומען, אַ קליין בערקמאַנדל, אַ פּיצינקעלע אינגעלע, און אַ וואונדער איז געשען, גאָט'ס וואונדער: דאָס הויז איז מיט אַמאָל לעבעדיק, פול, ווארים געוואָרן. מיר דאַכט זיך, איך וואָלט איצט אימשטאַנד געווען חדשים־לאַנג פון הויז ניט אַרויסצוטרעטן. עס האָט מיך לחלוטין אויפגעהערט ערגעץ וואו צו ציען, אָבער ווען איך בין ערגעץ־וואו אין דער פרעמד, איז מיין קאָפּ און האַרץ דאָ, נעבן מיין זון. קענסטו דאָס פאַרשטיין?

לעדער (זיפצט טיף): יאָ... איך פאַרשטיי עס שוין צו גוט.

בערקמאַן: ניין, ס'איז אומעגלאַך: דו פאַרשטייסט עס אפשר מיט'ן קאָפּ, אָבער אַזאַ זאַך דאַרף מען פילן מיט'ן האַרצן. אום דאָס צו באַגרייפן, מוז מען זיין אַ פאָטער, ניט אַנדערש.

לעדער (וואַרפט אַ בליק אויף סאָפי'ן): פון וואַנען ווייסטו, אַז איך בין עס ניט?

בערקמאַן (פאַרוואונדערט): דו? אַ פאָטער?

סאָפי (קוקט דערשראָקן אויף לעדער'ן, לעגט אַוועק דאָס קינד אין אַ זייט).

לעדער: איז עס דיר אַזוי שווער זיך פאָרצושטעלן? פּאַסט עס מיר ניט?

בערקמאַן (שמייכלט): עס פּאַסט דיר שוין גאָר, אָבער... כ'האָב קיינמאָל וועגן אַזאַ זאַך פון דיר ניט געהערט.



לעדער: דאָס מיינט נאָך גאָרניט.

בערקמאַן (שמייכלט פאַרלעגן): יעדנפאַלס פרייט עס מיך און... אויב ס'איז נאָר קיין שפּאָס ניט, גיב איך צו, אַז דאַן קענסטו מיך פאַרשטיין. (ווישט די ברילן).

לעדער (וואַרפט אַ בליק אויף סאָפי'ן).

סאָפי (שטעקט אויס צו אים די ציטערנדיקע הענט, בעט אים עפּעס מיט'ן בליק, שאָקלענדיק מיט'ן קאָפּ אויף ניין).

לעדער (אַנטשלאָסן): און נאָך מער וועסטו פאַרוואונדערט ווערן, ווען דו וועסט זיך דערוויסן, אַז...

בערקמאַן (ווישט די ברילן): אַז וואָס אַ שטייגער?

סאָפי (צום מאַן): מאָריס, זיי אַזוי גוט, מאַך מיר צורעכט דאָס קישן. נו שנעלער, שנעלער. איך ליג אַזוי שלעכט!

בערקמאַן: מיט פאַרגעניגן! (גייט צו צום בעט, שלאָגט איבער דעם קישן).

סאָפי (קוקט מיט געבעט צו לעדער'ן, רעדט צום מאַן): אַזוי, אַזוי... צושלאָג עס נאָך אַביסל.

(דער טעלעפאָן אין צווייטן צימער קלינגט).

בערקמאַן: אָט האָסטו דיר אַ טעלעפאָן אין מיטן העלן טאָג. לעג זיך, סאָפי'לע, איצט וועט דיך שוין ניט קוועטשן. (גייט אָפּ רעכטס).

(לעדער און סאָפי פאָלגן אים נאָך מיט די בליקן, ביז ער פאַרשווינדט).

לעדער (גייט האַסטיק צו, כאַפּט זי אָן פאַר די הענט): סאָפי, איך קען עס שוין ניט אויסהאַלטן מער! איך וועל פון זינען אַראָפּ!

סאָפי (ציט צו זיין קאָפּ צו זיך): נו, באַרואיק זיך, טייערער מיינער, איך בעט דיך... נעם זיך אין די הענט.

ל ע ד ע ר (דורך טרערן): אָבער באַגרייף... איך קען ניט הערן, ווען ער חזר'ט איבער יעדע מינוט: „מיין זון“, „מיין קדיש“, „מיין קינד“. נו, און איך? ס'איז דאָך מיינער, מיינער!

ס אָ פ י (ווישט די טרערן): נו רואיק, רואיק, איך בעט דיך. זאָג איצט גאָרניט. וואַרט צו אַביסל: איך בין נאָך צו שוואַך. איך וועל עס ניט אויסהאַלטן!

(פון צווייטן צימער הערט זיך ווי בערקמאַן רעדט מיט ווער עמען דורכ'ן טעלעפאָן).

ל ע ד ע ר (נעמט דאָס קינד, קוקט זיך איין אין דעם): מיין קינד... מיין זון... מיינער, מיינער!! (דריקט עס צו זיך).

ס אָ פ י: יאָ, דיינער. זע, דיין נאָז, דיין שטערן, אײַנגאַנצן דו!

ל ע ד ע ר (קוקט זיך ווידער איין אין קינד, דריקט עס צו זיך. אַ פּאַוזע).

ס אָ פ י: ער גייט!

ל ע ד ע ר (קושט דאָס קינד, גיט עס איר אָפּ, זעצט זיך צום טישל, קוקט אַפ'ן שאָך־ברעט).

ב ע ר ק מ אַ ן (קומט אַריין. זאָגט צו סאָפי'ן): מיר וועלן נאָך היינט האָבן געסט: די גערשמאַנס וועלן באַלד קומען. (גייט צום טישל.) וואָס טראַכסטו שוין דאָרטן אַזעלכעס? באַדויערסט די שוואַכע גענג, אָדער דו בויסט אפשר נייע פּלענער?

ל ע ד ע ר (ענטפערט ניט).

ב ע ר ק מ אַ ן (זעצט זיך): ס'איז מיין גאַנג, און גיין וועל איך... גיין וועל איך... אָט אַזוי. מיט דער קעניגין. (מאַכט אַ גאַנג) און אָט וועלן מיר זען וואָס דו וועסט מיר טאָן.

ל ע ד ע ר (מאַכט שנעל אַ גאַנג).



ב ע ר ק מ אַ ן (קוקט פאַרוואונדערט אַפ'ן ברעט, דערנאָך אַף לעדער'ן): אַזוי גאָר? גוט! (מאַכט אַ גאַנג).

(סאָפי פאַרעט זיך באַם קינד, ווישנדיק די טרערן.)

ל ע ד ע ר (מאַכט אַ צווייטן גאַנג).

ב ע ר ק מ אַ ן: הי־הי... אַזוי הייסט עס? זייער פיין. גוט! (מאַכט אַ גאַנג).

ל ע ד ע ר (מאַכט אַ גאַנג).

ב ע ר ק מ אַ ן (גיט זיך אַ הויב פון שטול, מאַכט אַ גאַנג): שאָך און מאַט! (לאַכט הויך.) שאָך און מאַט, ברודער! האָסט זיך ניט וואוהין אַ קער צו טאָן; פאַרפּאַקט ווי אין אַ שטייגל!

ל ע ד ע ר (קוקט אַ ווײַלע אַפ'ן ברעט, קערט זיך אָפּ און אָנגעכמורעטער, מיט פאַרבראָכענע הענט.)

ס אַ פ י (קוקט אַף לעדער'ן, ווישט די טרערן.)

ב ע ר ק מ אַ ן (לאַכט): שאָך און מאַט! פאַרפּאַקט, ברודער, ווי אין אַ שטייגל! כאַ־כאַ־כאַ!!

(פאָרהאַנג)

# ווייס און שווארץ

(אַ בילד)

פּ ע ר ז א נ ע ן

ד ז ש י ם — אַ ווייסער. אַן אויפזעער איבער אייזנבאַן אַרבעטער.

ט אָ ם — אַ שוואַרצער. אַן אַרבעטער.

מ אַ ר ט אַ — אַ שוואַרצע.

דזשים׳ס צימער. אין מיטן אַ טיש מיט עטלעכע ביינקלאַך אַרום. אַ בעטל נעבן דער מיטלסטער וואַנט, רעכטס. נעבן פענסטער אַ קאַסטן. די טיר לינקס. נעבן איר אַ גאַז־הייוון. אויף די ווענט אויסגעשניטענע בילדער פון האַלב־נאַקעטע טענצעריגס פון די זונטיקדיקע ענגלישע צייטונגען. אויפ׳ן טיש אַ פלאַש מיט בראַנפן און צוויי גלעזלאַך. דאָס פענסטער איז אָפן, אָבער פאַרצויגן מיט אַ פאָרהאַנגל. דער רעכטער ווינקל איז פאַרהאַנגען און דינט אַלס קליידער־אַלמער.

דזשים, אַ געזונטער, ברייט־פּלייציקער מאַן, מיט אַ קאָפּ רויטע, גלאַטע פאַרקעמטע האָר, שפּאַנט אומרואיק איבער׳ן צימער. דאָס ווייסע העמד איז ברייט צעשפּילעט, די אַרבל פאַרקאַטשעט. ער קייט טאַבאַק און גיט אַלט אַ וואַרף שפּיי אין אַ ווינקל. גייט אַ פּאָר מאָל צו און קוקט אַרויס דורכ׳ן פענסטער. בלייבט שטיין באַם טיש, גיסט אָן אַ גלעזל בראַנפן, טרינקט עס אויס, גייט ווידער צום פענסטער, קוקט אַרויס און דרייט אומצופרידן מיט׳ן קאָפּ. מיט אַמאָל גייט ער אַוועק פונ׳ם פענסטער, בלייבט שטיין אין מיט׳ן שטוב און וואַרט. אַ פּאַוזע. מאַרטאַ, אַ 18־יאָריקע, שוואַרצע מיידל, קומט שנעל אַריין, בלייבט שטיין ניט זיכער באַ דער טיר. אָטעמט שווער. קוקט וואַרטנדיק אויף אים.

דזשים (שטרענג): וואָס אַזוי שפּעט?

מאַרטאַ: קוים דערלאָפן. די בעל־הבית׳טע האָט מיך פאַרהאַלטן.

דזשים: צום טייוול קענסטו גיין מיט דיין בעל־הבית׳טע צוזאַמען!

מאַרטאַ (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ).

דזשים: ווי לאַנג דענקסטו דאַרף איך עס וואַרטן אויף דיר? (נעמט אַרויס דעם זייגער, ווייזט איר אים פון ווייטנס.) האָסט געזאָגט וועסט קומען פינף, און איצט איז נאָך זעקס.

מאַרטאַ (בייז): זיי מיר מוחל, דזשים! ס׳איז ניט מיין שולד. פינף אַזייגער בין איך פאַרטיק געוואָרן מיט מיין

אַרבעט און געוואָלט אַוועקגיין, איז די בעל־הבית'טע קראַנק געוואָרן און כ'האָב געמוזט וואַרטן ביז דער בעל־הבית איז אַהיימגעקומען.

ד ז ש י ם (נאָך אַ פּאַוזע): נו, גוט. זאָל שוין זיין. דאָס מאָל פאַרגיב איך דיר, אָבער אַ צווייטן מאָל וועל איך דיר די ביינער אָנברעכן. דו האָב זי אין דער ערד, די פּעטע שקאַפּע, די בעל־הבית'טע דיינע. אַז דו מאַכסט אָפּ זיך צו טרעפן מיט מיר, מעג זי אַפילו צוזעצט ווערן שרייענדיק, דאַרפסטו זי ניט הערן. דו מוזסט קומען צו דער מינוט. עס וועט דיר גאָרניט שאַטן דו זאָלסט אויף מיר וואַרטן, ניט איך אָף דיר! (גיסט אָןביידע גלעזלאַך.) נו, קום אַהער! וואָס שטייסטו נעבן דער טיר?

מ אַ ר ט אַ (גייט צום טיש): זיי מיר מוחל, טייערער.

ד ז ש י ם: איך בין ווירטיקער פון איר. זאָל זי פאַרברענט ווערן. (גיט איר אַ גלעזל בראַנפן.) דיין גליק וואָס כ'האָב דיך ליב אַביסל, אַניט . . . (טראָגט צו זיין פּויסט צו איר פּנים. לאַכט).

מ אַ ר ט אַ (קושט זיין פּויסט. גלעט אים דעם פּנים. נעמט דאָס גלעזל, לאַכט): וועסט ניט זיין אַזוי שלעכט צו מיר. איך וואָלט דאָך דאָס לעבן פאַר דיר אָפּגעגעבן!

ד ז ש י ם (נעמט מיט איין האַנט זיין גלעזל בראַנפן און מיט דער צווייטער נעמט ער זי אַרום): וואָלסטו, הייסט עס, דיין לעבן פאַר מיר אָפּגעגעבן?

מ אַ ר ט אַ (שאָקלט מיט'ן קאָפּ אָף יאָ).

ד ז ש י ם (צופרידן): גוט אַזוי! פּרויען דאַרפן שטענדיק פאַר אונז אָפּגעבן זייערע לעבנס. נו, טרינק! (ביידע טרינקען אויס דעם בראַנפן).

מ אַ ר ט אַ (שטעלט אַוועק דאָס גלעזל אָפ'ן טיש): שטאַרקער בראַנפן!

ד ז ש י ם: טייערער בראַנפן! (שטעלט אַוועק דאָס גלעזל, נעמט זי אויך אַרום מיט דער צווייטער האַנט, דריקט זי צו זיך.) דו פאַרשאָלטענע זאַך! ווייסט גאָר ניט וואָס פאַר אַ טייערע



נקבה דו ביסט! ביסט נאָך יונג, ווייסט נאָך גאַנץ ווייניק, אָבער לאָז עס איבער צו מיר. איך וועל דיך שוין אויסלערנען. אַ גוטע נאַכט געהאַט לעצטע וואָך, ניט אמת? מיר וועלן היינט האָבן ניט קיין ערגערע. נו, גיב אַהער די חזיר'שע ליפּן דיינע! שנעל! (וויל זי קושן).

מ אַ ר ט אַ (דרייט לאַכנדיק אַוועק דעם קאָפּ): כאַפּ ניט, דזשים: וועסט זיך אָפּבריען!

ד ז ש י ם (לאַכט): אַך, דו פאַרשאָלטענע קלאַפּער־שלאַנג; די נאָז וועל איך דיר באַלד אָפּבייסן! (דריקט זי צו צום טיש, פאַרקלאַמערט איר דעם קאָפּ מיט איין האַנט און בייסט זיך איין מיט די ציין אין אירע ליפּן).

מ אַ ר ט אַ (קעמפט מיט אים אַ ווײַלע, קרעכצט, פאַרוואַרפט די הענט אַרום זיין האַלז און קושט אים ליידנשאַפטלעך. אַ פּאַוזע. זי רייסט זיך אויס פון זיינע הענט, אָטעמט שווער): דו נעמסט אַוועק פון מיר מיין אָטעם.

ד ז ש י ם: גוט אַזוי, דו שוואַרצער טייוול! (וויל זי ווידער אַרומנעמען).

מ אַ ר ט אַ (טרעט אָפּ צוריק, זגאָט באַליידיקט): נו, און אַז אַ שוואַרצע, איז וואָס? געפעל איך דיר ניט?

ד ז ש י ם: גיי צום טייוול! ווער זאָגט, דו געפעלסט מיר ניט?! איך פאַרשטיי ניט, וואָס האָסטו זיך צו באַליידיקן? ביסט דאָך פאָרט ניט קיין ווייסע!

מ אַ ר ט אַ (אָנגעצויגן): נו, איז וואָס? גיב איך דיר ניט דעם זעלבן פאַרגעניגן וואָס אַ ווייסע?

ד ז ש י ם (לאַכט): אָ, ביסט אַ פאַרשאָלטענער נאַר! זאָל מיך גאָט שטראָפן, אויב כ'וואָלט דיך פאַרביטן פאַר דיין פעטער, ווייסער בעל־הבית'טע! אָט זאָג מיר, אַז איך בין אַ ווייסער אָדער אַ רויטער, וועסטו זען צי ס'וועט מיך אַרן. דער שוואַרצער יאָר ווייסט דיך פאַר וואָס דו באַליידיקסט זיך, ווען מען זאָגט, אַז דו ביסט אַ שוואַרצע!

מ א ר ט א: ווייל מען ווארפט עס אונז שוין צופיל אויס, ווייל מען האט אונז פיינט.

ד ז ש י ם (כאפט זי ארום): א, צום טייוול! וואס גייען אונז אנדערע אן? איך האב דיך ליב, און דאס אלץ! (פירט זי צום טיש, גיסט אן די גלעזער מיט בראנפן.) נעם און טרינק. מיר וועלן היינט האבן א פראכטפולע נאכט! (ווייזט אפ'ן קאסטן.) כ'האב דארטן נאך דריי פלעשער שנאפס און צוויי פלעשער ווײַן.

מ א ר ט א: זע, דער פראהיבישן־אגענט זאל דיך ניט כאפן.

ד ז ש י ם (לאכט): קיינמאל ניט!

מ א ר ט א: מיט וואס ביסטו עס אזוי זיכער?

ד ז ש י ם: ווייל ער אליין האט מיר דעם שנאפס פאר־קויפט. (ביידע לאכן.) נו, טרינק.

מ א ר ט א: גיב עפעס צום פארבייסן. דער בראנפן ברענט ווי דיינע חזיר'שע קושן.

ד ז ש י ם (לאכט): דאס האב איך אנגעגרייט. (נעמט ארויס פון קאסטן א שאכטל מיט שאקאלאד, שטעלט עס אוועק אפ'ן טיש. גיט איר א קלאפ איבער'ן הינטן.) זעסט, מיידעלע, אלץ פון דיינעטוועגן אנגעגרייט. (גיט איר דאס גלעזל.) קומענדיקע וואך וועל איך זיין אין ניו יארק און דיר ברענגען פון דארטן א רינגל, אז אלע דיינע וועלן פלאצן קוקנדיק אף דעם. דו זיי נאר א גוט מיידל און פאלג וואס מען הייסט דיר. נו, טרינק!

(ביידע טרינקען אויס דעם בראנפן. זי פארבייסט מיט שאקא־לאד. ער גייט צו און פארשליסט די טיר).

מ א ר ט א: דו נארסט מיך ניט אפ?

ד ז ש י ם (גיט זיך א קלאפ אין ברוסט): דזשים'ס ווארט איז הייליק! איך האב פאר־א־יארן צוגעזאגט מיינער א געווע־זענער געליבטער איר אנצוברעכן די ביינער. און מיינסטו, אפשר, כ'האב עס ניט דורכגעפירט? בא יעזוס'ן שווער איך דיר, אז כ'האב איר צוזעצט די מארדע ניט קוקנדיק וואס אי־איטאליענישער געליבטער האט מיך געוואלט שטעכן! נישקשה, רזשים'ס ווארט האט נאך עפעס ווערט! (הויבט אן אנגיסן די



גלעזלאך, בלייבט מיט אמאל שטיין.) זאג נאר, מיידל, האסטו אפשר אויסגעפלאפלט דעם חתן דיינעם, אז דו טרעפסט זיך מיט מיר?

מ א ר ט א (דערשראקן): טאמ'ען? זאל מיך גאט שטראפן! ער וואלט מיך דערשטיקט. (גייט צו.) וואס איז געשען? האט ער דיך עפעס געפרעגט?

ד ז ש י ם (דערגיסט די גלעזלאך): ער וואלט מער ניט באַ־דארפט. די ציין וואלט איך אים אויסגעזעצט, דעם שווארצ... (האלט זיך צוריק.) דעם פערד, ווען ער וואגט מיר נאר עפעס צו זאגן! כ'האב אבער עטלאכע מאל באמערקט, אז ער נעמט זיינע צוויי הינטישע אויגן פון מיר ניט אראפ. אויב דאס וועט אויך מארגן פאסירן, צוקלאפ איך אים די מארדע און טרייב אים ארויס.

מ א ר ט א (פארזארגט): בעסער טו עס ניט, דזשים. איך בעט דיך. דאן וועט ער שוין זיכער זיין, אז מיר טרעפן זיך, און ס'וועט אונז ביידן פעלן א קרענק.

ד ז ש י ם: ווער האט עס מורא פאר אים?!

מ א ר ט א: איך זאג ניט, אז דו האסט מורא. אבער דו ווייסט ניט ווי שטארק ער איז. פארגעס ניט, אז איך בין זיין כלה, און אויב דו וועסט אים אפזאגן, וועלן מיך מיינע עלטערן אוועקנעמען פון דאנען. דערצו איז טאם אזא גוטער, אזא ווייכער און ליבט מיך זייער שטארק. זאג אים ניט אפ. כ'בעט דיך.

ד ז ש י ם: וואס בעטסטו אזוי פאר אים? האסט אים, אפשר, ליב? קענסט גיין צו אים!

מ א ר ט א: ניין, דזשים. בלויז דיך האב איך ליב. דו קענסט מיט מיר טאן וואס דו ווילסט. דו ביסט מיין בעל־הבית. איך האב אים פיינט.

ד ז ש י ם: ווייסט ער, אז דו האסט פרייטיק ניט גענעכ־טיקט אין דער היים?

מ א ר ט א: יא.

ד ז ש י ם (בייז): דו פארשאָלטענע זאַך, פאַרוואָס האָסטו עס אים דערציילט?

מ אַ ר ט אַ (שאָקלט מיט'ן קאָפּ אַף ניין): איך בין נאָך פון זינען נים אראָפּ.

ד ז ש י ם: ווי אַזוי זשע האָט ער זיך וועגן דעם דער־וואוסט?

מ אַ ר ט אַ: ער איז באַנאַכט געקומען און געפרעגט אַף מיר. האָט די בעל־הבית'טע אים געזאָגט, אַז כ'בין אַוועקגע־גאַנגען. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אַף די טרעפּ ווארטן. און ווען כ'בין אין דער פרי אהיימגעקומען, האָט ער נאָך אַלץ געוואַרט.

ד ז ש י ם (גייט איבער'ן צימער, זאָגט שטיל): אַזאַ פּאַס־קודנער הונט! (בלייבט שטיין.) אָבער וואָס האָט אים געמאַכט דענקען, אַז דו ביסט געוועזן באַ מיר, און נים באַ אימיצן אַנ־דערש?

מ אַ ר ט אַ: כ'ווייס ניט. מעגלאַך, ווייל ער האָט אונז אייערנעכטן באַמערקט שטיין און ריידן? געדענקסט, ווי דו האָסט מיך אָפּגעשטעלט באַם אריינגאַנג, ווען איך האָב אים געבראַכט עסן?

ד ז ש י ם: איך געדענק. כ'האָב דיך ניט באַדאַרפט דאַן אָפּשטעלן. (גיט אַ מאַך מיט'ן האַנט.) צום טייוול, וועמען ארט עס? זאָל ער נאָר וואַגן צו זאָגן אַ וואָרט, צוזעץ איך אים די מאָרדע און וואַרף אים ארויס. (גייט צו, נעמט זי ארום.) קום, זים מיידל, און האָב אים אין דער ערד, פּונקט ווי איך. (פירט זי צום בעטל, זעצט זיך אַוועק און ציט זי ארויף צו זיך אַף די קני).

מ אַ ר ט אַ (נעמט אים ארום): אַך, דזשימי, ווען דו ווייסט ווי ליב איך האָב דיך!

ד ז ש י ם (ציט אראָפּ פון איר דאָס קאַפּטל): מיך האָבן שוין זייער אַ סך מיידלאַך ליב געהאַט! ווייסע און שווארצע און געלע. אַלערליי. אַזאַ מזל האָב איך שוין. נקבות פּגר'ן נאָך מיר!



מ אַ ר ט אַ (דריקט זיך צו אים שטאַרקער): טייערער מיי־נער, כ'האָב נעכטן אין חלום אַ גאַנצע נאַכט פאַרבראַכט מיט דיר.

ד ז ש י ם (לאַכט): צו וואָס אין חלום? כאַפּט מען זיך אין מיטן נאַכט אריין צו מיר. איך בין פאַר דיר צו יעדער צייט גרייט.

מ אַ ר ט אַ (גיט זיך אַ כאַפּ): זע, דאָס פענסטער איז אָפן!

ד ז ש י ם (גיט אַ קוק): אַ, צום טייוול! פאַרגעסן עס צו פאַרמאַכן. (הויבט זיך אויף, גייט צום פענסטער, קוקט ארוים דורכ'ן פאַרהאַנגל, קוקט זיך איין אַ ווײַלע, גיט אַ שטילן רוף.) מארטאַ, מאַרטאַ, קום אהער! שנעל! עס שטייט ווער איבער'ן וועג און קוקט אהער!

מ אַ ר ט אַ (דערשראָקן): ווער?

ד ז ש י ם: כ'ווייס ניט. אפשר איז עס ער . . . טאָם?

מ אַ ר ט אַ (לויפט צום פענסטער, קוקט זיך איין אַ ווײַלע, זאָגט דערשראָקן): יאַ, דאָס איז ער! (טרעט אָפּ אין שרעק פונ'ם פענסטער).

ד ז ש י ם: ביסטו זיכער?

מ אַ ר ט אַ (שאָקלט מיט'ן קאָפּ אַף יאַ).

ד ז ש י ם (טראַכט אַ ווײַלע, זאָגט אַנטשלאָסן): ער וועט ניט וואַגן אריינצוקומען אהער. אָבער דו באַהאַלט זיך אָט דאָרטן, אין ווינקל, צווישן מיינע זאַכן.

מ אַ ר ט אַ (ציטערט פאַר שרעק): כ'האָב מורא, ער וועט זיך אריינרייסן אהער און אונז ביידן הרג'ענען!

ד ז ש י ם: ווי אַ הונט וועל איך אים מיט אַ בייטש פון דאַנען ארויסטרייבן!

מ אַ ר ט אַ: ער וועט אַ גאַנצע נאַכט שטיין און היטן!

ד ז ש י ם: זאָל ער שטיין!

מ אַ ר ט אַ (גנב'עט זיך צו, קוקט ארוים דורכ'ן פענסטער. שרייט אוים דערשראָקן): ער גייט אהער!

ד ז ש י ם: באהאַלט זיך! איך וועל שוין זען, וואָס כ'האָב צו טאָן.

מ א ר ט א (וויינט): אָ, יעזוס, וואָס וועט זיין?! וואָס וועט זיין?!

ד ז ש י ם (גיט אַף איר אַ טופּע מיט'ן פוס): שווייג, דו באָם! באַהאַלט זיך!

מ א ר ט א (פאַרשווינדט אין ווינקל צווישן די קליידער).

(אַ פּאַוזע. עס הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר. דזשים לעגט זיך אַפ'ן בעטל, מאַכט זיך שלאָפנדיק. מען קלאַפּט שטאַרקער).

ד ז ש י ם (מיט אַ פאַרשלאָפענער שטימע): ווער קלאַפּט עס דאָרטן?

ט אָ ם (פון דרויסן): איך בין עס, טאָם.

ד ז ש י ם: טאָם? וואָס ווילסטו?

ט א ם: עפן די טיר, כ'וויל דיך זען.

ד ז ש י ם (גייט, עפנט די טיר, לאָזט אים אריין. גענעצט): וואָס איז געשען?

ט א ם (אַ געזונטער, ברייט-פּלייציקער שוואַרצער. קוקט זיך שנעל ארום): ביסט אַליין?

ד ז ש י ם: ווי דו זעסט.

(ביידע קוקן זיך שווייגנדיק אַן אַ ווײַלע).

ט א ם (ניט אנטשלאָסן): כ'האָב דיר געוואָלט פרעגן . . . דיך בעטן . . .

ד ז ש י ם (אומצופרידן): וואָס דרייסטו אַ קאָפּ? זאָג וואָס דו ווילסט, אָדער גיי! מיך אומזיסט פון שלאָף אויפ־געוועקט.

ט א ם (וואַרפט אַ שנעלן בליק איבער'ן צימער): ביסטו טאַקע אין דער אמת'ן געשלאָפן? און (קוקט זיך ווידער ארום.) ביסטו טאַקע אַליין?

ד ז ש י ם (בייז): הער, טאָם, דאַכט זיך, אַז דו ביסט שיכור! גיי שלאָף זיך איבער, אָדער איך וואַרף דיך באַלד ארויס.



ט א ם (קוקט אַף אים): וועסט האָבן אַ שווערע ארבעט, דזשים. איך וועג צוויי הונדערט פונט.

ד ז ש י ם: דו ווייסט, אַז איך קען עס.

ט א ם: מיט מיר האָסטו זיך נאָך ניט געפּרואווט.

ד ז ש י ם: וועל איך עס דיר היינט באַווייזן.

ט א ם (גיט מיט צווייפל אַ דריי מיט'ן קאָפּ).

ד ז ש י ם: אָבער וואָס ווילסטו?

ט א ם: הייסט עס, קיינער איז בא דיר ניטאָ?

ד ז ש י ם: כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז ניין.

ט א ם (ווייזט אָן אַפ'ן טיש): דאָס טרינקסטו, הייסט עס, אַליין פון צוויי גלעזלאַך?

ד ז ש י ם (וואַרפט אַ בליק אַפ'ן טיש, צולאַכט זיך): דאָס האָב איך מיט אַ פריינט פריער געטרונקען און פאַרגעסן צו־נעמען די גלעזלאַך.

ט א ם (שאָקלט צו מיט'ן קאָפּ): אזוי, אזוי!... הער, דזשים. מיר'ן איצט אָפּלאָזן די פראַגע צי מאַרטאַ געפינט זיך איצט בא דיר צי ניט. איך בין דיך געקומען בעטן, זאָלסט מיר געבן דיין ערן־וואָרט, אַז פון היינט אָן זאָלסטו זיך מער ניט טרעפן מיט איר.

ד ז ש י ם (בייז): דו ביסט שכור, טאָם!

ט א ם: ניין, דזשים, ניכטער ווי קיינמאָל ניט אין מיין לעבן. איך ווייס אָבער, אַז דו טרעפסט זיך מיט איר, אַז לעצטן פרייטיק איז זי דאָ געשלאָפן בא דיר.

ד ז ש י ם (שרייט): ס'איז אַ גאָט פאַרדאַמטער ליגן!

ט א ם (פעסט): ס'איז אמת. איך האָב אַ גאַנצע נאַכט געוואַרט אַף איר נעבן אירע טרעפּ און אַנדערע האָבן זי געזען גאַנץ פרי זיך ארויסכאַפּנדיק פון דיין צימער.

ד ז ש י ם (בייז): ס'איז אַ גאָט פאַרדאַמטער ליגן, זאָג איך דיר נאָך אַמאָל! דער, וואָס האָט עס דיר געזאָגט, איז אַ לויזיקער הונט! זאָג מיר זיין נאָמען, און כ'וועל אים מאָרגן אין דער פרי מיט מיינע אייגענע הענט דערשטיקן!

טאם (טרויעריק): דער ווייסער גלח האלט פאר אונז אלע זונטיק דרשות אין קלויסטער און דערציילט אונז, אז מען דארף לעבן נאך גאט'ס געבאט, מען טאר ניט גנב'ענען, רויבן, זאגן ליגן. און אט דו, א ווייסער מענטש, שטייסט פאר מיר און חזר'סט א סך מאל איבער איינעם און דעם זעלבן ליגן! און דו שעמסט זיך ניט און האסט פאר גאט קיין מורא ניט.

דזשים (הויבט אויף זיין האנט): האלט מויל, דו שמוציקער ניגער! ווי וואגסטו אזוי ריידן צו מיר?

טאם (שאקלט טרויעריק מיט'ן קאפ): כ'ווייס עס, דזשים. כ'פארגעס קיינמאל ניט, אז כ'בין בלויז א שמוציקער ניגער. אבער דער ניגער האט אויך א הארץ, וואס קען ווי טאן, האט א נשמה, וואס קען ליבן און ליידן. און אט בין איך איצט געקומען צו דיר און בעט דיך, (דורך טרערן.) וויין פאר דיר: גיב מיר צוריק מיין מיידל, מיין כלה! צו וואס דארפסטו זי? האסט ווייניק אנדערע? מארטא איז נאך א קינד, קיין אכטצן יאר ניט אלט. דו האסט זי דאך ניט ליב, ווערסט דאך זיכער ניט חתונה האבן מיט איר. ווערסט זיך אפשפילן אביסל מיט איר און ווען זי וועט שוואנגער ווערן, וועסטו זי ארויסטרייבן פון דיין הויז, ווי מען טרייבט ארויס א קראנקן הונט. (ווישט די טרערן.) דזשים, ווי גאט איז וואר, איך בין דיינער א פריינט. איך וועל זיין דיינער א שקלא.ף וועל אף די קני פאר דיר שטיין, אבער האב רחמנות אף מיר און אף מארטא'ן און הער זיך אויף מיט איר צו טרעפן. דו גלויבסט דאך אין יעזוס'ן, גלויבסט דאך אין גאט?! (ווישט די טרערן).

דזשים (אומצופרידן): גיי אהיים און שלאף זיך אויס. ברענג מיך מער ניט ארויס פון געדולד.

טאם: כ'וועל ניט אהיימגיין, דזשים, ביז דו וועסט מיר ניט צוזאגן.

דזשים: וועל איך דיך ארויסווארפן, ווי א גע'פגר'טן הונט!



טאם: כ''וועל ניט גיין. גיב מיר דיין ווארט, אז דו וועסט זיך מער ניט טרעפן מיט מארטא'ן.

דזשים (ווייזט אף דער טיר): ארויס פון דאנען!

טאם (דערזעט אפ'ן בעטל מארטא'ס קאפטל, לויפט צו, כאפט עס אין די הענט, באטראכט עס): נו, דזשים, וואס וועסטו איצט זאגן?

דזשים (גיט א נעם א שטול אין האנט): ארויס פון דאנען, די שמוציקער ניגער! דו לויזיקער ממזר, דו פאסקודנע נבלה! ארויס פון דאנען!

טאם (גלייכט זיך אויס): ווארף אוועק דעם שטול. שלאג זיך ווי א מאן!

דזשים: ארויס פון דאנען! (וויל אים דערלאנגען מיט'ן שטול איבער'ן קאפ. טאם רייסט ארויס דעם שטול פון זיינע הענט,ווארפט אים אוועק. ביידע הויבן אן א ביטערן קאמף. מארטא קוקט ארויס פון אונטער'ן פארהאנג, פאלגט אנגעשטרענגט נאך דעם געשלעג. א פאוזע. די העמדער אף ביידע מענער ווערן צוריסן אף שטיקלאך. ענדלאך פאלט דזשים צום פלאר און בלייבט ליגן באוועגלאז. בלויז דער קאפ באוועגט זיך לייכט. טאם שטייט אנגעשטרענגט איבער אים).

מארטא (גייט שטיל צו, לעגט ארויף איר האנט אף טאם'ס אקסל. ער ציטערט אויף, דרייט זיך שנעל אויס צו איר. זי זאגט שטיל): קום פון דאנען, טאם. קום, פריינט! מיר זיינען דאך בלויז צוויי ניגערס. (דורך טרערן.) צוויי שמוציקע ניגערס! קום! (פארדעקט דאס פנים מיט די הענט. וויינט).

טאם (קוקט זיך איין א ווײַלע אין איר פנים, הויבט שנעל אויף איר קאפטל, ווישט דערביי אויס די טרערן. זאגט שטיל): ארימע מיידל מיינע! (נעמט זי ארום, פירט זי לאנגזאם ארויס).

פארהאנג.

